# דער יוד

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן — .12 קראָנען
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאָהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא. ענגלאנד —.10 שילינג

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

# DER JUDE

צייטשריפט
## פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואך.
פערלאג: חברת „אחיאסף".

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאהרליך —.3 „
פיערטעל יאהרליך 1.50 „
מען קען אויך אויסצאהלען אין
3 ראטען:
ביים אבאָנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2 „
דע 1טען אוינוסט — 1 „
איינצעלנע נומערן 15 קאפ.—
30 העללער.
ענדערן די אדרעס קאָסט 20 קאפ.

קראקויא, חשון תרס"ב. נומר 41. Krakau, 17 October 1901.


## אינהאלט.



ה. תרס"ב ← וואכען-קאלענדער (לוח) ← 1901

| די טעג פון חודש | וואך | פאוזדיערניק-אקטאבער | | ניער ס. אָקט. | אלט. ס. דעק. |
|---|---|---|---|---|---|
| ז' | זונטאג | | | 20 | 6 |
| ח' | מאנטאג | | | 21 | 7 |
| ט' | דינסטאג | | | 22 | 8 |
| י' | מיטוואך | | | 23 | 9 |
| י"א | דאנערש. | | | 24 | 10 |
| י"ב | פרייטאג | | | 25 | 11 |
| י"ג | שבת | פרשת לך לך | | 26 | 12 |

### קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע.

| טאג | יאהר | |
|---|---|---|
| ז | ה. ק"י | האט דער פאפסט מודיע געווען אז דער בלבול געגען יודען וועגען פערגיפטען די ברונענס איז שקר. |
| ח | ג תתכ"ט | האָבען די קנאים בעזיעגט די רוימער ביי ירושלים. |
| ט | ה פ"ח | געשטאָרבען הרא"ש ז"ל. |
| „ | ה. צ"ט | האָט קאַזימיר פון פאָלען בעשטעטיגט די יודישע רעכטע. |
| י | ה.רמ"ה | האָט די שפאנישע אינקוויזיציע גוזר געווען אויף אנוסים. |
| יא | ה. מ"ו | עלילת דם אין מינכען. פערברענט 180 יודען. |
| יב | ה. ל"ג | האָט דער פאפסט פערבאָטען צו גלויבען עלילת-דם. |
| „ | ה. נ"ט | אויסגעהרג'ט עקדה"ש אלע יודען פון היילבראָן. |
| יג | ה. שי"ד | אויף בעפעהל פון פאפסט פערברענט ספרי תלמוד אין וועניעדיג. |

## צו אבאָנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE", Krakau, Gertrudy 16.

אין וואַרשא:
Verlag „Achiasaf", Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין לאָנדאָן:
R. Mazin, Bookseller 100 Old Montague Str. London, E.

אין אמעריקא:
R. Kantorowitz, 4 Rutger Str. New-York


דער „יוד" איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פּאָסט אונטער דער נומער:
1920 a Nachtrag VII.




# די שטעלען וואו מען קען בעקומען די אקציעס פון יודישען קאלאניאל־באנק.

ביאַליסטאָק, פערליס און גינזבורג.
באברויסק, יוסף קאַצענעלסאָן א. זעהנע.
גראָדנאָ, מ. מ. עליאַשעוו.
עקאַטערינאָסלאַוו, מ. אוסישקין.
ווארשא, געברידער באכראך.
„ מ. פֿעלדשטיין.
„ א. יאסינאוויסקי רעכטסאנוואלט.
ווילנא, מ. אראנאוויסקי.
„ בן-יעקב.
„ י. ל. גאָלדבערג.
ליבאווא, דר. נ. קאַצענעלסאָן.
„ יוסף קאַצענעלסאָן & זאָהן.
לאָדז, נ. קאָפּעל & ה. פֿאַגעלסאָן.

מאָסקווא, געברידער אוריסאָן.
מינסק, מינסקער קאממערץ-באַנק.
„ מ. ג. ראַפּאפּארט.
אָדעסא, שמואל בארבאש.
פינסק, פינסקער געזעלשאַפֿט געגענזייטיגען קרעדיט (ווזאימנאווא קרעדיטא)
פּעטראָקאָוו, הענזעל פֿרענקעל.
טאגאנראג, אזאווא-דאנער קאמערץ באַנק
ריגא, ל. שאַליט.
קיעוו, דר. מ. מאנדעלשטאם.
קאָוונא, קאָוונער געזעלשאַפֿט געגענזייטיגען קרעדיט (ווזאיעמנאָווא קרעדיטא)
„ איסר בער וואָלף

III. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 41

דער פרייז פיר רוסלאנד:
גאנץ-יאהרליך —.5 רוביל.
האלב-יאהרליך —.3 רוביל.
פירטעל-יאהרליך 1,50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 "
דען 1טען אויגוסט — 1 "

ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואך.
פערלאג: חברת „אחיאסף“.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען.
האלביאהריג —.6 "
פירטעליאהריג —.3 "
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 "
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט 20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Erscheint Donnerstag.

קראקויא, חשון תרס"ב. נומר 41. Krakau, 17 October 1901.

## די שְׁחִיטָה אין דייטשלאנד.

מיר יודען זענען געווים ניט קיין פיינד פון דער הומאניטעט, ד. ה. פון דעם רעיון צו מאכען איידעלער דאס מענשליכע הארץ און די מענשליכע געפיהלען. „רחמנים-בני-רחמנים“ איז דער שטאלצעסטער טיטעל פון אונזער פאלק. צער-בעלי-חיים, ד. ה. רחמנות האבען אויף אלע בעשעפענישען, וואס נאט האט בעשאפען, איז ביי אונז יודען אזא נאטירליכעס געפיהל, אז שוין פון אנהויב אן, אין די ערשטע טעג פון אונזער געשיכטע, אין דער תורה, געפינען מיר זי קלאהר און דייטליך. צער-בעלי-חיים האבען מיר שוין געהאט אין יענער צייט, ווען אנדערע פעלקער זענען געגאנגען אין די צירקען און האבען געקוקט מיט גרוים נחת, ווי מענשען און ווילדע חיות האבען זיך געראנגעלט און געריסען. אין אונזער תורה געפינט מען פיעל מאל, ווי מען מוז האבען רחמנות אויף די ארימע בעשעפענישען און ווי מען טאר זיי ניט פייניגען און מאטערן. שפעטער אין דער צייט פון גמרא האט מען די מצוה פון רחמנות נאך ווייטער אויסגעבויט און מען האט אנגעזאגט, אז מען זאל היטען די בהמות, ווי לאנג זיי לעבען, און אז מען דארף זיי טויטען, ווייל מען מוז האבען פאר די מענשען פלייש צו לעבען, מוז מען זיי אזוי טויטען, אז זיי זאלען ניט האבען קיין יסורים און זאלען ניט לאנג ליידען. אלע אונזערע דינים, וואס זאגען אן, אז דער חליף מוז זיין שארף און אז דער שוחט מוז זיין איין מומחה און מוז קענען גוט זיין מלאכה — זיי האבען אלע דעם צוועק, אז די בהמה זאל גיך אויפהערען צו לעבען און זאל ניט ליידען.

אז די אנדערע געבילדעטע פעלקער קומען צו אונז, זיי ווילען מענשליכקייט און רחמנות, אדרבא! מיר זענען געווים גרייט צו געהן מיט זיי צוזאמען. א אמתיע מענשליכקייט מוז אויך אויף אונז יודען האבען רחמנות און מוז אונז נוצען. אמת טאקע, אז די היינטיגע הומאניטעט און די נייע קולטור האבען אונז פיעל צוגעזאגט און וועניג מקיים געווען, זיי האבען אונז אויסגעשטעלט גרויסע וועקסלען, און דערנאך האבען זיי עס ניט איינגעצאהלט און האבען אונז נור געגעבען א ביסיל פון די צינזען. פון דעסטוועגען איז דאך פארט בעסער פאר די יודען ווען זיי וואהנען צווישען געבילדעטע פעלקער. עס איז פארט בעסער אז מען האט חאטש א ביסיל פרייהייט, אז מען קען לכל הפחות לעבען און ארבייטען פאר זיך און פאר די קינדער. עס איז דאך א גרויסער אונטער־שיער, אויב מען לעבט אין דייטשלאנד אדער אין רומעניען, אין ענג־לאנד אדער אין מאראקא. אז איך הער רעדען פון בילדונג, מענשליכקייט, קולטור און הומאניטעט, ווער איך א ביסיל פרעהליכער. איך ווייס אפילו, אז אויך דארטען האבען מיר ניט אויף גרויסע זאכען צו ווארטען איך הלום ניט קיין גרויסע חלומות, — אבער א ביסיל גוטס קומט דאך אויך אונז אן. אז עס איז א שמחה און מען האט פיעל פרייד, דער־מאהנט מען זיך אויך אין די אומגליקליכע און ארימע מענשען, און אויך דעם פאלקס-ארימאן ישראל פאלט איבער א פאר ברעקליך פון פרייהייט און גערעכטיקייט. ביי אלע גרויסע פארשטריטע פון די מענש־הייט זענען דאך שטענדיג געבליבען אויך עטליכע טראפען פאר אונז יודען. פון דער פינסטערקייט האבען מיר אודאי קיין גוטס ניט צו ער־ווארטען. אט אזוי פרעה איך מיך שטענדיג ווען איך הער א גוטע בשורה, אז די קולטור האט זיך פערברייטעט, אז די ליכטינקייט האט מנצח געווען איבער די פינסטערניש. א ביסיל מעהר ליכט, א ביסיל מעהר פרייהייט — דאס גיט אונז ווידער מוטה און האפנונג.

די קולטורפערלקער גרינדען חברות צער בעלי חיים — מה טוב! רחמנות האבען אויף די ארימע בהמות, וואס קענען ניט רעדען און קלאגען — טאקע א שענע זאך. אבער די חברות זאלען ניט פערגעסען, אז די מענשען געהערען אויך צו די בעלי חיים און אז מיר יודען גע־הערען דאך פארט אויך צו די מענשען. אז מען רעדט אבער פון צער בעלי חיים און מען וויל די יודען אסר'ן די שחיטה — דאס איז א בלוטיגער וויטץ. א קליינער פראגרעס אין קולטור איז אויך וואס ווערט ווארום מיט קליינע טריט קומט מען אויך צום ציעל. אבער עס מוז זיין איין אמת'ער פראגרעס, קיין חנופה, קיין צביעות, קיין פערבארגענע ניעדערטרעכטיגקייט.—

שוין זייט 10 יאהר ארבייטען די חברות צער בעלי חיים אין דייטש־לאנד מיט אלע כחות, אז מען זאל דורך איין געזעץ אסר'ן פאר יודען די שחיטה. אין דער „פרייער“ שווייץ, וועלכע מען חנפה'ט, אז דארטען איז ניטא קיין אנטיסעמיטיזם, האט מען דאסזעלביגע געשענק בע־שעהרט. אין די אנדערע לענדער פון דייטשלאנד איז די שחיטה אויך זייט 1890 געווארען א „ברענענדע פראגע“. אמאל שלאפט די זאך אויף א קורצע צייט א ביסיל איין, אבער מען לאזט איהר ניט רוהען, מען וועקט איהר באלד ווידער אויף. דער „קאמיטעט געגען דעם אנטי־סעמיטיזם“ אין בערלין האט באלד איינגעזעהען די גרויסע געפאהר און

האָט אָבגעדרוקט אין יאָהר 1894 איין בוך מיט די מיינונגען איבער שחיטה פֿון בעריהמטע פּראָפֿעסאָרען פֿון טיערערצטע און קריסטליכע קצבים. די אַלע מומחים זאָגען אַז די יודישע שחיטה איז דער לייכטעסטער און הומאַנסטער טויט פֿאַר די בהמות. אַט האָט מען געמיינט, אַז די געגנער פֿון שחיטה וועלען פֿערשטימען, — טאַקע ניין. זיי זאָגען, אַז ווער עס זאָגט גוטעס איבער יודען האָט גענומען שׂחד אָדער איז סתם אַ פּראָסטאַק, אַ געלעהרטער איז נור דער, ווער עס זאָגט, אַז די שחיטה איז אַ שאַנדע פֿאַר די קולטור. אַזוי האָט מען ווידער אָנגעהויבען אַגיטירען אַנטקעגען די שחיטה און מען לאָזט די רעגירונג און דאָס פֿאָלק ניט אין רוה.

מיר האָבען זיך ברוך־השם אין דייטשלאַנד אין די לעצטע 10 יאָהר צוגעוועהנט צו אַלע משוגה'דיגע און פֿערדרעהטע זאַכען, און איצט וואונדערען מיר זיך שוין איבער קיין זאַך נישט מעהר. אַלע פֿעריינען אין דייטשלאַנד זענען אָפֿען אָדער פֿערבאָרגען אַנטיסעמיטיש, פֿאַר וואָס זאָלען די חברות צער בעלי חיים בעסער זיין? איי וואָס, דער נאָמען? דאָס איז גאָר נישט. ווער פֿרעגט היינט נאָך דעם נאָמען? אָבער — אַנטיסעמיטיש איז דאָך איצט אַ מאָדע געוואָרען, טאַ, שעמט זיך ניט, זאָגט פּראָסט ארוים: „מיר האָבען פֿיינד די יודען און ווילען ניט, אַז זיי זאָלען גוט לעבען. ווייל עמיצער זיין אַ פֿרומער יוד, זאָל ער קריינקען, זאָל ער פֿערדאַרט ווערען, זאָל ער לעבען אָהן פֿלייש, אָדער — זאָל ער אַוועק פֿון דייטשלאַנד, ווערען מיר פֿון איהם פּטור!" צו וואָס דאַרפֿט איהר נאָך די מאוסע חנופה פֿון מענשליכקייט און קולטור? האָט איהר עפּיס נור רחמנות אויף די פֿיערפֿיסיגע בעשעפֿענישען? זענען די צווייפֿיסיגע ברואים ניט אויך לעבענדיגע בעשעפֿענישען?

איצט האָבען געפֿונען די חברות צער בעלי חיים אין בערלין אַ נייע המצאה. זיי שיקען פֿונאַנדער בראָשורען אַנטקעגען די שחיטה צו די יודען אַליין, צו יעדען ראַבינער און צו יעדען בעריהמטען יודען שיקען זיי אַריין אַ בקשה צו דער רעגירונג, אַז זי זאָל אָבשאַפֿען די שחיטה, „וואָס זי איז אַ חרפה פֿאַר יעדעס געבילדעטע פֿאָלק און איז אַנטקעגען די מענשליכקייט". און די דאָזיגע בקשה — אַזוי וויל די בערלינער חברה — זאָלען די דייטשע יודען און זייערע ראַבינער אונטערשרייבען. ד. ה. אַ פּנים, מען מאַכט פֿון די יודען חוזק. מען האָט דאָס נור געזאָלט פּראָבירען, זאָגען די קריסטען אין דייטשלאַנד, זיי זאָלען ענדערן צוליעב די יודען זייערע רעליגיאָנסזאַכען, וואָלט איהר געזעהן, וואָס פֿאַר אַ געשריי מען וואָלט געמאַכט איבער די יודישע חוצפּא. אָבער — ביי יודען, דאָס איז וואָס אַנדערש...

אַז די חברות צער בעלי חיים וואָלטען טאַקע באמת געוואָלט רחמנות האָבען אויף די בהמות און חיות, וואָלטען זיי געקענט געפֿינען אַנדערע זאַכען, וואָס צו טהון. עס איז איצט מאָדע געוואָרען, אַז אין אַלע גרויסע שטעדט פֿון דייטשלאַנד ווערען געמאַכט וועטען פֿאַר דאָס גיכע לויפֿען פֿון פֿערד. אַלע לויפֿען ארום זעהען דאָס וואונדער און פֿרעהען זיך ווי איין פֿערד יאָגט ווי אַ ווינד און יאָגט אריבער די אַנדערע און קומט גיך צום ציעל, כדי זיין בעל־הבית זאָל קריגען דעם פּרייז פֿון אַזוי און אַזוי פֿיעל טויזענד מאַרק. קיינער האָט גאָר קיין רחמנות ניט אויף די אָרימע פֿערד, וואָס מוטשען זיך נעביך די נשמה אַרויס, ביז זיי לערנען אויס דאָס גרויסע קונצשטיק. איך פֿרעג אייך: פֿאַר וואָס קומען ניט די חברות מיט זייערע הומאַניטעט און שרייען, אַז אַזעלכע פֿערגעניגען זענען ניט פּאַסענדיג פֿאַר דאָס מענשליכע געפֿיהל? אַט ווערט אומעטום פֿאַר די פֿירסטען און סתם פֿאַר די נגידים געמאַכט אַ פּאָר מאָל אין יאָהר געיעג, וואו מען טרייבט צוזאַמען די חיות פֿון

# פֿעלעטאָן.

## אין דער תּיבה.

(אַ מעשה'לע פֿון חומש אַרוים).

פֿון גרשם באַדער.

---

דער רעגען האָט געגאָסען און געגאָסען אָהן אויפֿהער...

זיבען טאָג נאָך אַנאַנד האָט די זון געברענט נישט צום אויסהאַלטען. די לופֿט איז געוועזען היים און דושנע אפֿילו ביי נאַכט. פּלוצלינג איז די זון אונטערגענאַנגען, בלייערנע וואָלקען האָבען בעדעקט דעם הימעל; דערנאָך האָט אָנגעהויבען שרעקליך צו דונערן און צו בליצען. איין דונער האָט געיאָגט דעם אַנדערן און אַ בליץ איז געלאָפֿען נאָך אַ בליץ. און עס האָט זיך אויפֿגעהויבען אַ שטורם־ווינד, וואָס זיינסגלייכען האָט מען נישט געהאָט געזעהען ביז דעמאָלט; הונדערטיאָהריגע טענענבוימער האָט ער אויסגעריסען מיט דעם וואָרצעל, די שטאַרקסטע פֿעלזען האָט ער איינגעבראָכען און אַראָבגעוואָרפֿען אין דעם טיעפֿען אָבגרונד. אַלע חיות, אַלע בהמות און אַלע עופֿות זענען אַרומגעלאָפֿען און אַרומגעשפּרונגען אין די פֿעלדער, אין די וועלדער און אויף די בערג ווי משוגע. די מענשען זענען געבליבען ווי פֿערגליווערט פֿאַר שרעק און האָבען געזוכט איין אָרט, וואו זיך צו בעהאַלטען. און עס האָט אָנגעהויבען אַ שלאַקס־רעגען, גלייך מען זאָל אַראָבגיעסען פֿון אויבען טויזענדער פֿעסער וואַסער מיט אַמאָל. און אַזוי ווי עס האָט געגאָסען פֿון אויבען, אַזוי איז דאָס וואַסער צוגעקומען אונטען; אַלע וועגען און אַלע שטעגען, אַלע פֿעלדער און אַלע וויעזען זענען אין איין מינוט געשטאַנען אונטער'ן וואַסער.

די מענשען זענען אַנטלאָפֿען אויף די העכסטע בערג אָדער אַרויפֿגעקראָכען אויף די גרעסטע בוימער, אויף די דעמבעס, אויף די סאָסנעס, אויף די טענענבוימער און אויף די צעדערן. עס האָט אָבער גאָר נישט געהאָלפֿען. דער ווינד האָט זיי אַראָבגעוואָרפֿען פֿון די בוימער ווי פֿוילע בלעטליך און דאָס וואַסער האָט זיי אַוועקגעשווענקט. אָדער דער ווינד האָט אויסגעריסען די בוימער און די מענשען האָבען זיך נאָך געקענט האַלטען אָן אַ בוים, שווימענדיג מיט איהם צוזאַמען אויף דעם וואַסער, ביז ער האָט ערגיץ אָנגעשלאָגען אין אַ פֿעלזען.

דאָס וואַסער האָט גערוישט מורא'דיג. די טרענקענדע האָבען זיך געראַנגעלט מיט דעם טויט און זייערע שרעקליכע קולות האָבען זיך פֿערמישט מיט דעם רַעש'דיגען זיעדען פֿונ'ם וואַסער, מיט דעם שרעקליכען פֿייפֿען פֿונ'ם ווינד, מיט דעם קנאַקען פֿונ'ם דונער און מיט דעם געשריי פֿון די חיות, פֿון די בהמות און פֿון די עופֿות, וואָס זענען דערטרונקען געוואָרען צוזאַמען מיט די מענשען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נח האָט שוין געוואוסט פֿריהער, אַז דאָס אומגליק וועט קומען. און כדי ער זאָל זיך קענען רעטען מיט זיין הויזגעזינד, האָט ער זיך געמאַכט אַ „תּיבה", דאָס איז געוועזען אַ הויז פֿון 300 איילען לאַנג, 50 איילען די ברייט און 30 איילען הויך. און געמאַכט איז עס געוועזען קינצליך אויף 3 עטאַזש מיט איין בעזונדער וואוינונג פֿאַר די מענשען, בעזונדערע דירות פֿאַר חיות, בעזונדערע פֿאַר בהמות און פֿאַר עופֿות. 120 יאָהר האָט נח געדויערט דאָס בויען די תיבה, און געמאַכט איז זי געוועזען פֿון אַזאַ מין האָלץ, וואָס עס זאָל איהם נישט קענען שאַדען דאָס רוישענדע וואַסער און דער שטורמענדער ווינד; די ווענד זענען אויך געוועזען גוט בעפֿעסטיגט און אַרומגעקלעבט אויסענווענינג און אינעווענינג מיט פּעך, דאָס וואַסער זאָל נישט קענען דורכנעצען.

וואלד אין א שמאלע געסעלע און מען העטצט זיי אזוי לאנג, ביז מען חאפט זיי און שיסט זיי. און אז מען האט זיי שוין געשאסען, זענען זיי נאך אויך ניט טויט, נאר לויפען נאך ארום מיט די גרעסטע יסורים, ביז זיי ענדיגען זייער לעבען. פאר וואס שרייט מען ניט, אז אזעלכע אכזריות מוז אויפהערען, אז נאט האט ניט בעשאפען די חיות פאר די גרויסע לייט צום פערגניגען? אט דא איז מען שטיל און מען רעדט גאר קיין ווארט ניט, אבער — אז יודען ווילען שעכטען א אקס אדער א קאלב צו עסען א שטיקיל פלייש, פערגינט מען זיי ניט. און דאס רופט מען אין דייטשלאנד אין אנהויב פון דעם 20-טען יאהרהונדערט מענשליכקייט און גערעכטיגקייט! אויף נאמנות, מען וויים ניט, אויב מען זאל פון דעם לאכען אדער וויינען! — ביים איידעלען געיעג און פערדטרייבען רעכענט מען זיך מיט דער פערברייטעטען מנהג, אבער מיט דער יודישער אמונה וויל זיך קיינער ניט רעכענען.

אין היידעלבערג זענען איצט געקומען 2 נייע העלדען פון הומאניטעט, פראפעסאר ד"ר קעהרער און מעדיצינאלראט ד"ר מיטטערמאיער. זיי האבען ארויסגעפונען, אז די יודישע רעליגיאן האט גאר די שחיטה ניט פארגעשריבען און אז די שחיטה איז א שרעק פאר די גאנצע מענשהייט. ווער עס האט איין אנדער מיינונג — אזוי זאגען זיי — פערשטעהט גאר נישט פון דער זאך אדער ער האט ניט ליעב צו זאגען דעם אמת. נו, טא וואס זאל מען ענטפערן אויף אזעלכע טענות? אז זיי ווילען אונז גאר זאגען, וואס עס געהערט צו אונזער אמונה! זיי האבען נאך געמוזט גאר פערלאנגען, אז מען זאל מאכען די אנטיסעמיטען פאר גבאים פון די שולען און שטעקערן פאר דעם אבערראבינער פון גאנץ דייטשלאנד.

אונזערע יודען אין דייטשלאנד זעהען אבער גאר ניט, וואס פאר א סכנה עס ליגט דרינען און אז זיי זענען מחויב אנטקעגנען דעם צו ארבייטען און צו זארגען, אז זיי זאלען ניט ווערען בעגליקט מיט דעמזעלביגען געשענק ווי אין זאקסען. איך האב מיר מיהע געגעבען, זיי צו דערמאהנען און מיר האבען געשריעבען קיין בערלין, און דורך אונזער ארבייט האט דער ראבינערפערבאנד אנגעהויבען א ביסיל צו טהון אין דער דאזיגער זאך. די דייטשע ראבינער האבען אבגעגעבען א ערקלערונג, אז די שחיטה איז א מצוה, וואס איז געבאטען פון דער אמונה און אז זי איז א הומאנע און לייכטע טויטונג פאר די בהמות.

איך האב אבער מורא, אז מיט דער צייט וועלען דאך די אנטיסעמיטען גובר זיין און אז די שחיטה וועט גע'אסר'ט ווערען אין גאנץ דייטשלאנד. עס איז א שווערע מלחמה און דיביידע מחנות זענען ניט גלייך, ווארום א חוץ דעם, וואס מיר האבען אין דייטשלאנד מינדעסטענס 10 מיליאנען אנטיסעמיטען און נור 600,000 יודען, זענען די אנטיסעמיטען ריכטיגע קעמפפער און הערען ניט אויף צו ארבייטען פאר זייער זאך, און די יודען זענען גלייכגילטיג און קימערן זיך וועניג וועגען זייער יודישקייט. „אז ניט קיין שחיטה, איז ניט קיין שחיטה, וואס זאל מען טהון?" די תשובה הערט מען פון כמעט אלע דייטשע יודען. זיי זעהען ניט, אז דערמיט ווערט אונטערגעגראבען די ערד אונטער זייערע פיס און זיי ווערען צו מענשען אהן רעכטע. עס מוז נאך פיעל ערגער ווערען ביי די דייטשע יודען, ביז זיי וועלען זיך דערמאנען, אז זיי זענען יודען און אז זיי מוזען אלע שטרייטען פאר די אידעאלען פון דעם יודענטום.

קארלסרוהע (באדען). פאביוס שאך.

---

איידער דער רעגען האט זיך נאך אנגעהויבען, האט נח אריינגענומען צו זיך אין דער תיבה פון איטליכען מין בהמות און עופות צו זיבען פאר. דערנאך איז אנגעקומען דער לייב, דער טיגער, דער בער, דער וואלף און די איבריגע ווילדע חיות, בעטען זיך ביי נח'ן, ער זאל זיי אויך אריינגעהמען צו זיך אין דער תיבה. פון זייער פנים האט מען געקענט ארויסלעזען, אז זיי ווילען שוין פון היינט אן גוט און פרום זיין; זיי וועלען שוין נישט מעהר עסען קיין לעבעדיגע בעשעפענישען, פשוט שטרוי וועלען זיי עסען, גלייך מיט אלע אקסען. דאס איינענע האט אויך געבעטען דער אדלער און אלע איבריגע רויבפויגעל. פון היינט אן, האבען זיי צוגעזאגט, וועלען זיי שוין נישט מעהר עסען קיין שום „דבר מן החי"; פשוט תבואה וועלען זיי עסען און נישט מעהר...

נח האט אויף זיי רחמנות בעקומען און האט זיי אויך אריינגענומען צו זיך, פון איטליכען מין צו איין פאר.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דרויסען האט דער רעגען גאר נישט געוואלט אויפהערען. דער ווינד האט געשטורמט, דער דונער האט געקראכט און דאס וואסער האט געזאטען מיט רעש.

אין דער תיבה איז אלץ געווען אין שרעק, אין ציטערניש און נידערגעשלאגענקייט. נישט נור נח מיט זיין בני־בית, זיין ווייב און זיינע דריי זיהן מיט זייערע ווייבער, נאר אפילו אלע חיות און אלע בהמות און אלע עופות זענען פערציטערט און נידערגעשלאגען. תמיד געוואוינט אין נאט'ס פרייער לופט, איז זיי זעהר שווער אנגעקומען, אויסצוהאלטען אין דער תיבה.

נח מיט די זיהן זיינע זענען ארויסגעגאנגען צווישען די חיות, בהמות און עופות, אונטערצוטראגען זיי יעדעס מאל אביסיל פריש עסען. און אז די לייבען, די טיגערס, די בערען, די וועלף, די אדלערס און די נייערס זענען הונגעריג געווארען, האבען זיי זיך נישט מעהר צוגעריהרט צו קיין שום אנדער חיה. זיי האבען טאקי געוואלט האלטען דעם נדר, גוט און פרום צו ווערען... נח האט איטליכען געבראכט אביסיל שטרוי, אביסיל היי, אביסיל גראז, עטליכע קערנדליך תבואה און אלעם האט געגעסען מיט אפעטיט.

די תיבה איז געשוואומען אויפ'ן וואסער און דער ווינד האט זי געווארפען אויף אלע זייטען. די חיות, בהמות און עופות האבען דורך דעם נישט געקענט איינשטעהן אפילו א רגע. דער ווינד האט אווארף געטהון מיט דער תיבה און דער לייב איז צוגעפאלען צום אקס און דער טיגער איז ארויפגעפאלען אויף דעם אייזעל אדער אומגעקעהרט. די בהמות זענען איבערדעם געווען אין איין שרעק, זיי האבען נעביך געמיינט, אז אט איז שוין געקומען זייער סוף, אט וועלען זיי די ווילדע חיות אויפפרעסען.

— האט נישט קיין מורא! האבען די חיות געשריען — האט גאר נישט קיין מורא! מיר וועלען אייך גאר נישט טהון. פון היינט אן וועלען מיר אויף אייך שוין מעהר נישט אנפאלען. גראז און שטרוי וועלען מיר עסען גלייך מיט אייך... גאט זאל נור העלפען, דער רעגען זאל אויפהערען...

— האב נישט קיין מורא! — האט דער לייב געזאגט צום אקס — פון היינט אן וועלען מיר שוין לעבען בשלום. איך וועל דיר העלפען ארבייטען, פערדינען אויף פרנסה... גאט זאל נור העלפען, דער רעגען זאל אויפהערען... דערווייל לאז מיר חאפען נאך א גרעזיל פון דיינעם. איך בין זעהר הונגעריג...

— נעם אדוני לייב, נעם וויפיעל דו ווילסט נור אליין און לאז עס דיר גוט שמעקען! — האט דער אקס אויף דעם געענפערט. ער האט זיך גליקליך געפיהלט, זעהענדיג ווי דער לייב עסט שטרוי און גראז גלייך מיט איהם.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# אויס גאליציען.

ב.

די וויבאָרעס אין גאליצישען פּאַרלאַמענט (לאַנדטאַג) זענען בשלום פּאַריבער, דער "צענטראַל-וואַהלקאָמיטעט", ד. ה. די קאָנסערוואַטיווע, שטאַרקסטע און הערשענדע פּאַרטיי האָט אַזוי ווי תמיד אויך דאָס מאָל גובר געווען און בשלום זיך דורכגעפֿיהרט אַלע איהרע קאַנדידאַטען, חוץ צוויי — וועלכע זענען געווען יודען. ד"ר ביק, דער ראָש-הקהל פֿון לעמבערג, און ד"ר האַראָוויטץ, דער ראש-הקהל פֿון קראָקוי זענען נישט אויסגעקליבען געוואָרען, האָטש זיי זענען געווען מיטגליעדער פֿון צענטראַל-וואַהלקאָמיטעט. דערמיט איז אויך פֿערלאָרען געגאַנגען איין מאַנדאַט (איין שטעל), וואָס די יודען האָבען ביז איצט געהאַט אין לעמבערג. נאָך דער מוֹרא'דיגער אַגיטאַציאָן און די פֿייערדיגע רעדען, וועלכע זענען פֿון פֿערשידענע פּאַרטייען געהאַלטען געוואָרען און וועלכע האָבען אַלע מוֹדה געווען, אַז יודען קומט מיט רעכט ווענינגסטענס אין די צוויי גרעסטע יודישע קהלות מאַנדאַטען — איז קיין איינציגע פּאַרטיי נישט געווען גענוג שטאַרק איהר יודישען קאַנדידאַט דורכצובריינגען, אָדער, ריכטיגער געזאָגט, קיין איינציגע פּאַרטיי האָט נישט בעוויזען דעם גוטען ווילען צו מאַכען דיזעלבע אַנשטרענגונגען פֿאַר די יודען ווי פֿאַר איהרע קריסטליכע קאַנדידאַטען. דאָסזעלבע, וואָס האָט זיך געטראָפֿען מיט די צוויי יודישע קאַנדידאַטען פֿון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, ד"ר ביק און ד"ר האַראָוויטץ, איז געווען אויך ביי די צוויי דעמאָקראַטישע קאַנדידאַטען, ד"ר ליליען (לעמבערג) און ד"ר גראָס (קראָקוי). זייערע קריסטליכע חברים זענען, מיט יודישע שטימען בשלום דורכגעקומען און די יודען זענען דורכגעפֿאַלען, האָטש נאָך דעם דעמאָקראַטישען גייסט דאַרף נישט זיין, דאַכט זיך, קיין חילוק צווישען יוד און קריסט, בפרט נאָך ווען פֿאַר די וויבאָרעס האָבען זיי דאָך אַלע מודה געווען, אַז יודען קומט נישט נור איינער אָדער צוויי ערטער אין פּאַרלאַמענט, נאָר ווי אַ סאָציאַליסטישע צייטונג האָט מיט ציפֿערן אויסגעוויזען, קומט יודען דאָרטען נאָך זייער צאָהל נאָך 20 ערטער.

און שטאַרק איז געווען דאָס מאָל די מלחמה צו די וויבאָרעס, שטאַרק איז געווען די אַגיטאַציאָן אין ביידע קהלות פֿון יודישער זייט, אָבער נאָך מעהר אינטערעסאַנט ווי שטאַרק, איז דען פֿאַרהאַן אינטערעסאַנטערס ווי צו הערען אַ "יודישען" קאַנדידאַטען און דערצו נאָך אַ ראָש-הקהל פֿון אַזאַ שטאָדט יודען ווי לעמבערג, וואָס שרייט מיט היטץ אין זיין קאַנדידאַטענרעדע: "איך קאַנדידיר נישט אַלס יוד נאָר אַלס בירגער פֿון דעם לאַנד און איך האַלט מיך פֿאַר אַ אויסגעקליבענעם פֿון גאַנצען לאַנד, וועלכער האָט צו פֿערטרעטען די אינטערעסען נישט פֿון אַ "געוויסען טהייל", נאָר פֿון דער גאַנצער שטאָדט. איך וויל אין לאַנדטאַג זיין אַ דעלעגירטער נישט פֿון יודען נאָר פֿון דער גאַנצער שטאָדט און פֿון גאַנצען לאַנד"...

איך האַלט די רעדע פֿאַר אינטערעסאַנט און דערמאָהן גאָר נישט די חרפה און בושה, וואָס זי דערוועקט ביי יעדען יודען איבער די מאוס'ע תנופה פֿון אַ יודישען ראָש-הקהל; נאָך אַזאַ רעדע האָבען מיר אוראַי נישט צו בעדויערן, וואָס מיר האָבען אַ מאַנדאַט פֿערלאָרען. אַ דעלעגאַט, וועלכען זיין אייגענע פּאַרטיי שטעלט דערפֿאַר אויף, ווייל זי וויים, אַז זי מוז זיך רעכענען מיט דער גרויסער צאָהל יודען און וועלכער זאָגט זיך גאָר אַליין אָב פֿון זיין גוטען רעכט צו זיין אַ "יודישער" קאַנדידאַט — נאָך אַזאַ קאַנדידאַט איז נישט כדאַי צו פֿערגיעסען טרעהרען. עס איז אויך קיין חידוש נישט, וואָס אַ סך יודען האָבען

---

דרויסען האָט דער רעגען גאָר נישט געוואָלט אויפֿהערען. דער דונער האָט געקנאַקט און דאָס וואַסער האָט געשמעטערט מיט איין אונבעשרייבליכען שטורם.

און וואָס ערגער עס האָט זיך דרויסען געמאַכט, איז דער שלום אין דער תיבה גרעסער געוואָרען. דער לייב האָט זיך צוגעטוליעט צום אָקס ווי צו זיינסגלייכען. דער טיגער האָט אַרומגעשפּאַצירט מיט דעם אייזעל און האָט געגעסען מיט איהם צוזאַמען אַביסיל דאָרנען, דער וואָלף האָט זיך געחבר'ט מיט'ן פֿערד און האָט זיך געלאָזט מְכַבֵּד זיין פֿון איהם מיט אַביסיל האָבער. דער אָדלער האָט זיך געפּעסטעט מיט דער טויב און דער גייער איז געווען איין לייב-און-נפש מיט דעם קאַנארעק.

נח האָט משונה הנאָה געהאַט, זעהענדיג ווי ווייט אַ שלעכטע צייט קען מאַכען שלום צווישען די גרעסטע שונאים.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

40 טעג און 40 נעכט האָט נישט אויפֿגעהערט צו רעגענען. 150 טעג האָט דאָס וואַסער נאָך אַנאַנד גערוישט און געשטורעמט.

אין דער תיבה איז אַלץ געווען שָלום וְשַלְוָה. די בהמות, די חיות און די עופות האָבען זיך פשוט נעגעסען פֿון די פּיסקליך. מען האָט שוין גאָר אין גאַנצען געהאַט פֿערגעסען, וואָס פֿאַר אַ פֿערשיערענע מיני ברוּאים עס געפֿינען זיך דאָ צוזאַמען.

די קוה האָט אַרויסגעפֿיהרט איהר יונג קעלביל און האָט איהם געוויזען: "זעהסטו, מיין קינד, דאָס איז אַ לייב, דאָס איז אַ וואָלף, דאָס איז אַ טיגער. זעהסטו אונזערע עלטערן האָבען נישט געוואוסט, ווי אַזוי מען בעדאַרף מיט אַזוינע גרויסע חיות אומגעהן און האָבען נעביך דורכדעם שטאַרק מורא געהאַט פֿאַר זיי"...

דאָס פֿערד האָט אַרויסגעפֿיהרט זיין יונג פֿערדיל און האָט איהם געוויזען: "זעהסטו, מיין קינד, דאָס איז אַ לייב, דאָס איז אַ וואָלף, דאָס איז אַ טיגער. זעהסטו, אונזערע עלטערן האָבען נישט געלעבט מיט ווי אין שלום און עס איז זיי דורכדעם טאַקי שלעכט געווען. מען בעדאַרף זיך נור אָבער צוגעוואוינען צו זיי, טהוען ווי גאָר נישט קיינעם קיין שלעכטס"...

דער אייזעל האָט אַרויסגעפֿיהרט דאָס יונגע אייזעלע זיינס און האָט איהם דערצעהלט פֿון די צרות, וואָס זייערע עלטערן האָבען געהאַט צו ליידען פֿון אַט די חיות, און היינט איז אַלסדינג אַנדערש געוואָרען. ווער האָט זיך אויף דעם אַמאָל גערעכט?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דרויסען האָט אָנגעהויבען אַביסיל בעסער צו ווערען. מען האָט שוין אַרויסגעזעהן אַ שפּיץ באַרג און די חיות האָבען שוין אָנגעהויבען אונגעדולדיג צו ווערען, זיי האָבען געוואָלט וויסען, ווען מען וועט שוין קענען אַרויסגעהן פֿון דער תיבה.

אין עטליכע טאָג אַרום האָט נח אַרויסגעשיקט די טויב, זי זאָל זעהען, צי מען קען שוין ערגיץ אַרויסקומען אויף דער וועלט.

גליקליך איז געווען די טויב פֿון דער שליחות. גאָט זאָל נור העלפֿען, מען זאָל שוין קענען אַרויס אויף דער גאַס, וועט זיך אָנהויבען אַ נייע לעבען. איך וועל נישט מעהר בעדאַרפֿען מורא האָבען פֿאַר קיינעם. פֿראַנק און פֿריי וועל איך מיר בויען אַ נעסט, וואו עס וועט זיך מיר נור גלוסטען... עס איז איהר גאָר נישט איינגעפֿאַלען צו פֿרעגען: "ווי קום איך שוואַכע טויב צו דער שליחות? איז דען נישט דער אָדלער שטאַרקער פֿון מיר? קען ער דען נישט העכער פֿליהען ווי איך?" דאָס איז איהר גאָר נישט איינגעפֿאַלען צו פֿרעגען. אדרבה, עס האָט איהר שטאַרק הנאָה געטהון פֿון דעם כבוד, וואָס מען האָט איהר צוגעטהיילט, אַז אַלע חיות, בהמות, עופות און אַפֿילו נח אַליין האָבען צוטרוי צו איהר, זיך צו פֿערלאָזען אויף איהר מיט אַזאַ וויכטיג שליחות...

איהם נישט געוואָלט גלויבען ווי ער האָט זיך געשלאָגען אין הארץ און פערזיכערט, אַז ער איז ״פון דעסטוועגען פאָרט אַ יוד און דערצו נאָך גאָר אַ ה י י ס ע ר י ו ד״; מיט דעמזעלבען רעכט האָבען זיי איהם דאָס נישט געגלויבט, ווי די קריסטען האָבען איהם נישט געגלויבט אַז ער איז ״אַ פּאָלאַק מיט לייב און זעעלע״. ווער עס קען איבערהויפּט דאָס בעגעהמען פון יודישע דעלעגאַטען ביי יודישע פראַגען, ווייס פאַראויס אַז מיר האָבען קיין סך נישט פערלאָרען, און מיר האָבען דערום ניט וואָס צו קלאָגען, ווען דר. ביק איז ביי די וויבאָרעס דורכגעפאַלען.

מעהר שטאָף צום נאָכדענקען גיט אונז דאָס פאַלען פון דעם יודישען קאַנדידאַט אין קראָקוי. דאָ האָט זיך אָבגעשפּיעלט אַ גאַנץ אַנדער בילד, אַ גאַנץ אַנדער סצענע ווי אין לעמבערג. ד״ר האָראָוויטץ איז אויפגעטרעטען אויסדריקליך אַלס יודישער קאַנדידאַט און האָט ערקלערט זיין פערבינדונג מיט דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי דערמיט, וואָס ער האַלט דאָס יודענטהום אין גאַליציען פאַר צו שוואַך, אַז עס זאָל זיך קענען בעגעהן אָהן די שטאַרקע שטיצע, וואָס זי קען קריגען פון דער הערשענדער פּאַרטיי אין לאַנד. נאָך זיין פּאָליטישער איבערצייגונג דאַרפען זיך די יודען האַלטען ביי וויבאָרעס פאַר די אויגען זייער איינענע טובה און דאַרפען זיך פערבינדען נור מיט אַזעלכע פּאַרטייען, וועלכע זענען מבטיח די יודישע פאָדערונגען צו ערפילען און זענען אויך אים שטאַנד זייער הבטחה צו האַלטען. אויב די פּאַרטיי, מיט וועלכער ד״ר האָראָוויטץ האָט כּוֹרֵת־בְּרִית געווען, וואָלט געהאַלטען וואָרט, איז טאַקי באמת אַ שאלה, נאָר קודם־כל וואָלט ער נור די יודען פעראַנטוואָרטליך געווען פאַר זיין מאַנדאַט, ווייל ער האָט דאָך אויסדריקליך אַ ל ס י ו ד קאַנדידירט, און צווייטענס איז נאָך אַ פיעל גרעסערע שאלה, אויב מיר יודען וואָלטען געטהון אַזאַ יְחוּס־שְׁרוּף מיט דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. וואָרום וואָס לעגט זי אונז דאָ אַריין אין גַדְן? ד״ר האָראָוויטץ, אַלס ערצוינענער אין דער אַלטער שיטה פון דער יודישער אינטעליגענץ, זאָגען מיר אָפען: אין דער שיטה פון אַ ס י מ י ל אַ צ י אָ ן, מיינט נאָך אַליץ, אַז זיין גאַנץ פיהלען פאַר יודען און יודישקייט איז אַ רעליגיעזעס און נישט קיין נאַציאָנאַלעס, אָבער על־כל־פּנים טְעֲנה׳ט ער נישט, אַז ער איז נישט קיין יודישער קאַנדידאַט, ער זאָגט דאָך אָפען און פריי, אַז ער האָט אין לאַנדטאַג צו פערטרעטען יודישע אינטערעסען; רעליגיעזע — לאָז זיין רעליגיעזע! אין אונזער לעבען קומען פאַר אַ סך רעליגיעזע פראַגען, וועלכע בעדאַרפען אַ פערטרעטער מיט אַ וואַרים יודיש הארץ. ווען עס האָבען זיך אָבער געפונען אין קראָקוי יודיש־נאַציאָנאַלע וועהלער, וועלכע האָבען אַגיטירט פאַר אַ קאַנדידאַטען וועלכער האַלט ביידעס פאַר איבעריג, דאָס רעליגיעזע א ו ן דאָס נאַציאָנאַלע; ווען זיי האָבען זיך בעגייסטערט פאַר אַ מענשען וועלכער האָט ביז צו די וויבאָרעס איבערהויפּט גאָר נישט געוואוסט אויב ער איז אַ יוד, און שוין אין מיטען די מלחמות פון די וויבאָרעס געזאָגט אַז ער איז גאָר נישט אַנדערש ווי אַ דעמאָקראַט; ווען זיי ווייסען גוט אַז ער האָט גאָר קיין אַנדער שייכות מיט יודען נישט געהאַט אויפצווייזען ווי נור די ״שנאה צו די ראשי־הקהל״; ווען דער דאָזיגער אַלס יוד געבוירענער קאַנדידאַט האָט פלוצים ביי דער צווייטער וואַהל אָבגעטרעטען דעם פּלאַץ זיין קריסטליכען דעמאָקראַטישען חבר און קראָקויער יודען — צווישען זיי אויך נאַציאָנאַלע און ציוניסטען — האַלטען עס פאַר אַ גרויסען נצחון וואָס די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט גובר געווען און האָפען גאַנץ זיכער, אַז זי וועט אַראָבברענגען משיח׳ן — דעריבער איז דאָ אַ סך צו רעדען און צו דערצעהלען מעשות אויס דער פּאָליטישער לאַגע פון יודען אין עסטרייך בכלל

---

און אַז די טויב איז געקומען צוריק מיט אַ גרין בלעטיל אין מויל, האָט אַלעס געטאַנצט פאַר שמחה. די בהמות זענען אַרומגעשפּרונגען ווי דול, די עופות האָבען געקלאַפּט מיט די פליגלען און מיט די שנאָבלען און די חיות האָבען שיער נישט איבערגעקעהרט די תיבה פאַר פרייד.

אַלעס האָט זיך געפיהלט גליקליך. אָט וועט בעסער ווערען און אָט וועט זיך טאַקי אָנהויבען אַ ניי לעבען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ענדליך האָט גאָט געהאָלפען. די זון האָט אויפגעשיינט און די ערד איז אויסגעטרוקענט געוואָרען. נח האָט אַראָבגענומען דאָס דאַך פון דער תיבה און וועהענדיג, אַז עס איז שוין אומעטום טרוקען, האָט ער אַרויסגעלאָזען אַלע חיות, אַלע בהמות און אַלע עופות פון דער תיבה. נח האָט אויך געוואָלט אָבגעבען גאָט אַ דאַנק פאַר זיינע גרויסע חֲסָדים, וואָס ער האָט איהם איינגעגעבען שכל, ער זאָל זיך מאַכען אַ תיבה, כדי ער זאָל זיך דערהאַלטען ביים לעבען מיט זיין פאַמיליע, בעת אַלע אַנדערע מענשען זענען אויסגעשטאָרבען, און ער האָט גענומען די שענסטע צוויי ציגעליך און האָט זיי געשָחט׳ן פאַר אַ קָרְבָּן. די ציגעליך האָבען געלאָזען אַלסדינג מיט זיך טהון און עס איז זיי גאָר נישט איינגעפאַלען צו פרעגען: ״מענש אַז דו ווילסט דעם גרויסען גאָט דאַנקען פאַר זיינע חסדים, וואָס נעהמסטו צוויי שוואַכע ציגעליך? וואָלט דען נישט בעסער געפּאַסט, דו זאָלסט נעהמען אַ לייב, אַ טיגער אָדער איין אַנדער שטאַרקע חיה, מַקְרִיב צו זיין פאַר גאָט?״ אַזעלכע שאלות זענען די ציגעליך אַפילו נישט איינגעפאַלען צו פרעגען. אַדרבה, עס האָט זיי שטאַרק הנאה געטהון, אַז נח האָט זיי אויסגעקליבען פון צווישען אַלע אַנדערע בהמות און אַלע אַנדערע חיות, צו שחט׳ן פאַר אַ קרבן...

דערנאָך איז דער אָקס צוגעלאָפען צום לייב און האָט זיך געוואָלט מיט איהם קושען צום געזעגענען. דער לייב האָט איהם אָבער געגעבען אַ שליידער, אַז ע״ האָט שיער נישט די ציינער געקליבען... דאָס פערד האָט דאָס צוגעקוקט און האָט עפּיס געוואָלט זאָגען דעריבער צום טיגער, נאָר דער טיגער האָט אויף איהם געטהון אַ קוק און אַ ברום, ווי איינער זאָגט: ״אַז דו טראָגסט דיך נישט דאָ תיכף אָב, מאַך איך פון דיר אַ תֵּל!״ דער אייזעל האָט דאָס נישט געקענט פערשטעהן. ״ווי הייסט?״ האָט ער געפרעגט, ״דרינען אין דער תיבה זענען זיי געווען מיט אונז גאַנצע מחותנים, האָבען אויפגעפרעסען דאָס גאַנצע גראָז אונזערס און האָבען אונז צוגעזאָגט, אַז עס וועט שוין זיין שלום צווישען אונז און אַצונד מאַכען זיי זיך פלוצלינג אַלעם פערגעסען!״...

— אוי זענט איהר חמורים! — האָט זיך אויף דעם דער פוקס אָנגערופען — דרינען אין דער תיבה האָט זיי געפּאַסט אַזוי צו זאָגען און איהר זענט אין דער אמת נישט מעהר ווי בהמות, אַז איהר האָט זיי געגלויבט. ס׳איז געווען אַ צרה. מען האָט געמיינט, אַז עס וועט שוין קיינמאָל נישט בעסער ווערען, אַז מען וועט שוין מוזען שטאַרבען אין דער תיבה, האָט מען זיך נישט געוואָלט פערביטערן די לעצטע מינוטען מיט שנאה. איבערהויפּט, אַז מען האָט געהאַט ווייניג צו עסען און איהר האָט יעדעס מאָל אָבגעגעבען אַ טהייל פון אייער חלק, האָט מען דאָך אוודאי נישט געהאַט קיין שום סִבָּה, צו קריגען זיך מיט אייך. אָבער אַצונד, אַז גאָט האָט טאַקי געהאָלפען און מען איז שוין בשלום פטור געוואָרען פון דער תיבה, איז טאַקי לייב ווייטער לייב און טיגער ווייטער טיגער, אָקס איז ווייטער אָקס און פערד איז ווייטער פערד...



און אין גאַליציען בפרט, וועלכע בעווייזען אונז דעם אַלטען אמת: אַז וואָס דעמאָקראַטישער איינער איז, וואָס מעהר פּלאַטץ ס׳איז דאָ אין זיין הארץ פאַר ליעבע צו דער „גאַנצער מענשהייט״, אַלץ ווענינער פּלאַטץ נעפינט זיך דאָרט פאַר אַ שטיקיל ליעבע און מיטגעפיהל פאַר „ספּעציעלע״ יודישע אינטערעסען.

נור איין איינציגען פאַקט וויל איך אונזערע דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע נאַציאָנאַליסטען דערמאַהנען, ער בעשטעהט נאָך מיין מיינונג פאַר טויזענד אַנדערע:

אין סאַנדעץ און דער סביבה האָט מען פאַר 3 יאָהרען נעראַבעוועט און נעממית׳ט יודען. די רציחות האָבען נעדויערט עטליכע טעג און עס איז דער רעגירונג נישט איבריג געבליעבען קיין אַנדער מיטעל ווי איינצופיהרען דעם אויסנאַהמס־צושטאַנד. דערביי זענען צוויי אָדער דריי רעדעלפיהרער פון די רוצחים פון זשענדאַרמען געשאָסען געוואָרען. „זשענדאַרמען״ און „שיעסען״ דאָס זענען זאַכען וואָס דעמאָקראַטען און סאָציאַליסטען קענען עס נישט פערטראָגען, דאָס איז נעגען זייער יסוד, און נאָך זייער איבערצייגונג האָבען די דעלעגאַטען פון זייער פּאַרטיי דאַמאָלס זיך בעקלאָגט אין פּאַרלאַמענט איבער דער גרויסער עוֹלה וואָס איז אין סאַנדעץ געשעהען, וואָס 2 נפשות זענען אומגעקומען. הונדערטער יודישע נפשות האָבען דאַמאָלס געשוועבט אין לעבענס־געפאַהר, יודישע הייזער און יודיש פערמעגען זענען געוועזען הפקר און ווער ס׳האָט געוואָלט האָט געראַבעוועט און דערצו געשלאָגען, געהרג׳ט אָהן רחמנות און דאָס האָט די פּאָליציי געזאָלט רוהיג צולאָזען, אַבי נישט עובר צו זיין אויף דעם דעמאָקראַטישען פּראָגראַם.

און באמת האָט מיר אַ יודישער סאָציאַלדעמאָקראַט דאַמאָלס ערקלערט, אַז דאָס אומגליק אין סאַנדעץ איז נאָר נישט אַזוי גרויס געוועזען און יודען וואָלטען נישט געוועזען בעדאַרפט מאַכען דעריבער אַזאַ ליאַרם; עס זענען דאָך נור געראַבעוועט געוואָרען „ארענדאַרעס״ און „קרעמער״, אָבער נישט קיין „פּראָלעטאַריער״ און עס האָט זיך גאָר נישט געלוינט צו לויפען שרייען צום מיניסטעריום.

איהר פערשטעהט אַביסיל: נישט קיין „פּראָלעטאַריער״, נאָר „קרעמער״! אומשטיינס געזאָגט, וויפיעל אַזאַ „יודישע קראָם״ אין אַ קליין שטעדטיל אָדער ערגיץ אַ קרעטשמע אין אַ דערפיל בעטרעפט אין גאַנצען. נאָר אַזוי אינטערעסירען זיך „יודישע״ דעמאָקראַטען מיט דער לאַגע פון זייערע יודישע ברידער און די דאָזיגע יודישע דעמאָקראַטען זענען איצט די קראָקויער יודען מבטיח, אַז אַלע יודישע צרות וועלען איצט אויפהערען, ווי באַלד זיי וועלען ווייטער זיעגען און איבערנעהמען די ממשלה איבער קהל אין זייערע הענד.

מ. הענעס.

---

## פּאָליטישע איבערזיכט.

די חברות פון גלחים אין פראַנקרייך.—דאָס פראַנצויזישע מיניסטעריום. — דער סכסוך צווישען פראַנקרייך און טערקיי. — דער סכסוך מיט ענגלאַנד.—די מלחמה אין אפריקא. — די וויבאַרעס אין אונגאַרן.

דעם 3־טען אָקטאָבער האָט זיך געענדיגט דער טערמין, וועלכער איז געגעבען געוואָרען אין פראַנקרייך פאַר די גלחישע חברות צו בעטען ביי דער רעגירונג וועגען ערלויבעניש. צווישען די גלחישע חברות זענען דאָ אַזוינע, וועלכע פערנעהמען זיך מיט פּאָליטיק, אַרבייטען געגען די רעפּובליק, ערציהען דאָס פאָלק אין שנאה צו דער פראַנצויזישער פרייהייט און אין קאַטוילישען פאַנאַטיזם. געגען די אַלע חברות איז איינענטליך אַרויסגעגעבען געוואָרען דאָס נייע געזעץ איבער פעריינען, זיי האָבען ניט די מינדסטע האָפנונג בעשטעטיגט צו ווערען פון דער רעגירונג און זיי בלייבט נאַטירליך איבער נור די איינציגע ברירה אַרויסצופאָהרען פון פראַנקרייך און אַריבערצוטראָגען זייער אַרבייט אין אַנדערע קאַטוילישע מדינות, ווי אין שפּאַניען, בעלגיען, עסטרייך. צו זיי געהערען אויך די גלחישע חברות, וועלכע ווילען ניט פון עקשנות אָדער פון זייערע תקנות וועגען נאָכגעבען דער רעגירונג און מרוצה זיין אויף איהר השגחה. זיי פערלאָזען אויך די פראַנצויזישע רעפּובליק און געהען זוכען איין אַנדער אָרט, וואו זיי זאָלען קענען לעבען מיט מעהר אונאַבהענגיגקייט. די איבריגע גלחישע חברות, וואָס האָבען דערלאַנגט דער רעגירונג בקשות וועגען ערלויבעניש, פערנעהמען זיך נור מיט צדקה־זאַכען און וועלען געוויס בעשטעטיגט ווערען.

די דורכפיהרונג פון דעם פעריינס־געזעץ האָט די רעפּובליק פריי געמאַכט פון איהרע בעהאַלטענע און דערום די געפעהרליכסטע שונאים. די פּאָליטיק פון די גלחישע חברות איז נאָך געוועזען דורך דעם געפעהרליכער, דאָס זי איז געפיהרט געוואָרען אין נאָמען פון דער אמונה.

דאָס דאָזיגע געזעץ געהערט צו די וויכטיגסטע אַרבייטען פון וואַלדעק־רוסאָ. מיט דעם האָט ער דערגרייכט דאָס ציעל, וועלכעס ער האָט זיך געשטעלט, איבערנעהמענדיג דאָס מיניסטעריום. די רעפּובליק אין פראַנקרייך שטעהט איצטער פעסטער ווי אַלע מאָל. מען קען אָבער פון דעם נאָך ניט דרינגען, אַז וואַלדעק־רוסאָ׳ס מיניסטעריום וועט זיך נאָך לאַנג קענען האַלטען. די סאָציאַליסטען, וועלכע האָבען ביז איצט אונטערשטיצט וואַלדעק־רוסאָ׳ן, כדי איהם צו העלפען ביי דער מלחמה מיט די שונאים פון דער רעפּובליק, זענען איצט געגייט זיך אָבצוזאָגען פון דער פריינדשאַפט מיט איהם, ווייל די מלחמה האָט שון גענומען איין עק. דער סאָציאַליסטישער האַנדעלסמיניסטער מיליעראַן רעכענט אַרויסצוטרעטען פון מיניסטעריום און וואַלדעק־רוסאָ וועט זיך מוזען זוכען אַנדערע פריינד אין פּאַרלאַמענט. וואַלדעק־רוסאָ איז אָבער צו עהרליך, ער זאָל צוליעב זיין מיניסטעריום אָבטרעטען פון זיין פּראָגראַם, און דערום איז אויך מעגליך, אַז זיינע טעג זענען שוין געצעהלט, חאָטש ער האָט אין משך פון צוויי יאָהר אָבגעהאַלטען אין פּאַרלאַמענט איין נצחון נאָך דעם אַנדערען, חאָטש ער איז פּטור געוואָרען פון זיינע געפעהרליכסטע שונאים און חאָטש די ליעבע צו איהם אין פראַנקרייך איז אויך געשטיגען דורך דעם וויזיט פון דעם רוסישען קייזער.

דער סכסוך צווישען פראַנקרייך און טערקיי איז נאָך אַלץ געבליבען אין דעמזעלבען שטאַנד. די פראַנצויזישע רעגירונג וויל בשום אופן ניט אָננעהמען די תנאים, וועלכע זענען פּריוואַט אָנגענומען געוואָרען צווישען דער טערקישער רעגירונג און איהרע פראַנצויזישע קרעדיטאָרען.

בעת טערקיי איז נאָך ניט פּטור געוואָרען פון איהר מחלוקה מיט פראַנקרייך, איז ענטשטאַנען אַ נייער סכסוך צווישען איהר און ענגלאַנד. דער סכסוך קען האָבען אַ גרויסע פּאָליטישע בעדייטונג, ווייל ער קעהרט זיך אָן אויך צו די אינטערעסען פון דייטשלאַנד און רוסלאַנד.

ביים פערזישען ים. ניט ווייט פֿון דעם אָרט, וואו עס גיסען זיך אין איהם אריין די טייכען פּרת און חדקל, ליגט דער פּאָרט קוּווייטא. די אַראַבישע שייכען (פירסטען) פֿון יענער גענענד, וועלכע ווערען איינענטליך גערעכענט נור פֿאַר טערקישע גובערנאַטאָרען, האַלטען זיך כמעט אין גאַנצען פֿאַר זעלבסשטענדיג און ווייסען זעהר ווענינ פֿון דער טערקישער הערשאַפֿט. קוּווייטא האָט קיין ראָלע ניט געשפּיעלט און טערקיי האָט זיך ווענינ געקימערט, ווען דער דאָרטינער שייך צוגלייך מיט אַנדערע אַראַבישע שייכען ביי די טערקישע גרע־נעצען האַבען געלעבט מעהר אָדער וועניגער זעלבסשטענדיג. איצט אָבער איז די לאַגע געוואָרען איין אַנדערע. דער רוסישער איינפֿלוס און די רוסישע אייזענבאַהנען אין פּרס פֿערשטאַרקען דעם האַנדעל אין פּערזישען ים און פֿערגרעסערען די בעדייטונג פֿון דעם פּאָרט. די דייטשע באַהנען, וואָס וועלען געבויט ווערען אין די טערקישע מדינות פֿון קליין־אזיען וועלען געהן ביז צו דעם פּערזישען ים. די דאָזינע באַהן וועט ברייננען גרויסע פֿערענדערונגען אין דעם וועלטהאַנדעל, ווייל זי וועט פֿערקירצען דעם וועג פֿון אייראָפּא צו די רייכסטע ענגלישע מדינות אין אינדיען. ענגלאַנד קען אָבער ניט דערלאָזען, אַז דער וועג קיין אינדיען זאָל איבערגעהן אין אַנדערע הענד, אין דעם זעהט זי ניט נור אַ סכנה פֿאַר איהר האַנדעל, נאָר אויך אַ סכנה פֿאַר איהר הערשאַפֿט אין אינדיען. ענגלאַנד איז דערום אַריינגעטרע־טען אין אַ פֿערבינדונג מיט דעם איצטיגען שייך פֿון קוּווייטא, נאָך וועלכער זי גאַראַנטירט איהם זיין זעלבסטשטענדינקייט, נאָר דער־פֿאַר דאַרף ענגלאַנד קריגען דאָס רעכט צו מאַכען דאָרט פֿאַר זיך אַ שטאַנציע פֿאַר איהרע שיפֿען. דאָס אָבער איז שוין געגען די רעכטע פֿון טערקיי, וועלכע זי האָט איבער קוּווייטא. טערקיי האָט געשיקט אַהין קריגסשיפֿען, די ענגלענדער האַבען אָבער די טערקישע שיפֿען ניט דורכגעלאָזען. טערקיי שיקט איצט דערום קיין קוּווייטא חיל אי־בער די יבשה. דייטשלאַנד און רוסלאַנד זענען אויף טערקיי׳ם זייט, ווייל עס ליגט אין זייערעביידענס אינטערעסען, אַז דער וועג צום פּערזישען ים זאָל בלייבען פֿריי. נאָר ענגלאַנד קען אויך ניט נאָכ־געבען, ווייל ערשטענס איז זי געבונדען דורך אַ בונד מיט דעם שייך, און, צווייטענס, קען דורך דעם מיט דער צייט ענטשטעהן אַ געפֿאַהר פֿאַר איהר הערשאַפֿט אין אינדיען.

אין דער מלחמה אין אַפֿריקא האָבען די ענגלענדער אָבגע־האַלטען אַ נצחון איבער די בויערן ביי דער פֿעסטונג איטאַליא. די בויערן, וועלכע האָבען געוואָלט נעהמען די פֿעסטונג, זענען אָבגע־שלאָגען געוואָרען צוריק. די בויערן האָבען פֿערלאָרען ביז 500 מענ־שען. אין ניכען שטעהט פֿאָר ווידער אַ בעגעגעניש צווישען די בויערן אונטער דעם גענעראַל באטהא מיט אַ גרויסען ענגלישען חיל, וועלכער געהט אויף זיי פֿון צוויי זייטען.

די האַנער קאמיסיאָן האָט אָבגעזאָגט די בויערן אַרויסצוטרע־טען אַלס פֿערמיטלערין צווישען זיי און ענגלאַנד.

אין אונגאַרן זענען געווען איצט וויבאָרעס צום פּאַרלאַמענט. די רעגירונג, וואָס איז פֿאַר דעם דרייבונד און פֿאַר אַ ענגערע פֿער־בינדונג מיט עסטרייך, וועט אויך אין דעם נייעם פּאַרלאַמענט האָבען די מעהרהייט פֿון דעות. די נאַציאָנאַלע פּאַרטיי, וואָס איז פֿאַר די גרעסערע זעלבסטשטענדינקייט פֿון אונגאַרן און געגען דעם בונד מיט דייטשלאַנד, איז דורך די נייע וויבאָרעס שטאַרקער געוואָרען, פֿון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז קיין איינציגער דעלעגאַט ניט אויסגע־קליבען געוואָרען. דערפֿאַר וועלען איצט זיין אין דעם נייעם אונגאַ-רישען פּאַרלאַמענט סלאַווישע דעלעגאַטען; אֱמת, זייער צאָהל איז נאָך קליין, אָבער עס איז אָהן אַ שום ספק, אַז די נאַציאָנאַלע סלאַ־ווישע בעוועגונג וועט זיך באַלד לאָזען פֿיהלען אויך אין אונגאַרן.

דער עסטרייכישער פּאַרלאַמענט ווערט געעפֿענט דעם 17־טען אָקטאָבער.

י. ל.

---

## בריעף פֿון לאַנדאָן.

איהר האָט געוויס געהערט גענוג אָהן מיר וועגען דער אַגיטאַציאָן, וואָס ווערט דאָ געפֿיהרט געגען די פֿרעמדע; — איהר האָט געוויס געהערט פֿון די פֿערשידענע פֿעריינען און קאָמיטעטען צו צווינגען די רעגירונג, זי זאָל פֿאַבריצירען געוויסע געזעצען, און האָט מסתמא אויך געהערט פֿון די בריעף און די דעפּוטאַציעס צו לאָרד סאַליסבורי. דערום וועל איך איבער דעם אַלעם דאָ ניט רעדען. איך וויל דאָ נור דערצעהלען פֿון די מיטלען, וואָס ווערען דאָ אָנגעגעבען צו שטילען די אַגיטאַציאָן, — געוויסע רפֿואות וואָס זענען פֿיעל ערגער ווי די קראַנקהייט אַליין.

מיר האָבען דאָ לעצטענס געהערטווירקליך פֿערשידענע פֿאָרשלענע ווי אַזוי די אַגיטאַציאָן געגען די יודען איינצושטילען.

פֿאָלקאָוניק נאָלדסמיד מיינט, דאָס ווען אַלע יודען וואָלטען דאָ געוואָרען סאָלדאַטען, דאַן וואָלטען די ענגלענדער אויסגעפֿונען אַז יודען זענען אַ מעלקערינע קוה און עס לוינט זיך זיי צו האַלטען. אַנדערע גרויסע יודען זאָגען אָפֿען, דאָס מען דאַרף אַהער מעהר קיין פֿרישע יודען ניט אַריינלאָזען, דאַן וועלען זיך די, וואָס זענען שוין דאָ, ניכער אויסמישען מיט דער ענגלישער בעפֿעלקערונג און קיין יודישע פֿראַגע וועט מעהר ניט זיין.

דאָס מיטעל, וואָס האָט מעהר פֿערטהיידינער פֿון אַלע, איז, די יודען אויסצושפּרייטען איבער גאַנץ ענגלאַנד. די ענגלענדער קאָנען ניט פֿערגעסען און ניט מוחל זיין די רוסישע יודען, וואָס האָבען זיך צוזאַמענגעפּרעסט אין איין אָרט און זיך געהאַפּט בלויז צו אַ פּאָר בעשטימטע מלאכות. וואָלטען זיך די יודען אויסגעשפּרייט איבער גאַנץ ענגלאַנד — זאָגען זיי — און וואָלטען זיי זיך אָבגעגעבען מיט אַנדערע אַרבייט אויסער שניידעריי און שוסטעריי, דאַן וואָלט אויף זיי קיינער אַ וואָרט ניט גערעדט.

די דאָזיגע גוטע מענשען פֿערגעסען די אורזאַכען, וואָס האָבען די יודען צוזאַמענגעפּרעסט אין איין אָרט און אַריינגעוואָרפֿען אין איין פֿאַך אַרבייט. זיי פֿערגעסען, אַז עס איז איין אייזערנע קראַפֿט, וואָס האָט די יודען צוזאַמענגעפּרעסט און האַלט זיי אויף דעם אָרט צו; זיי פֿערגעסען די עקאָנאָמישע לאַגע, וואָס האָט די יודען געמאַכט פֿאַר שניידער און שוסטער.

די יודען אין ענגלאַנד האָבען געוויס אַלע בירגער־רעכטע און אַלע פּאָליטישע־רעכטע. דער לעצטער שטיין, וואָס איז געלעגען אין וועג, ניט אַריינצולאָזען די יודען אין פּאַרלאַמענט, איז אַראָבגענומען געוואָרען מעהר ווי מיט 40 יאָהר צוריק. אַ דין איז אבער איין זאַך און אַ מנהג איז אַ גאַנץ אַנדערע זאַך. די געזעצען ערלויבען געוויס יודען אומעטום אַריינצוקומען, עס איז אָבער פֿערבליבען דער אַלטער

מנהג, אין אַ סך ערטער קיין יודען ניט אַריינצולאָזען; און איבערמאַכען אַזאַ מנהג אין ענגלאַנד איז דער גרעסטער פּאָליטיקער ניט אימשטאַנד. צוואַנציג אַקטען פון פּאַרלאַמענט וועלען דאָ ניט העלפען.

דאָס איז אונגלויבליך, נאָר עס איז אָבער אַ פאַקט, דאָס ענגלאַנדס גרויסע פאַבריקאַציאָן איז פאַר די יודען אין גאַנצען צוגעשלאָסען. אַלע אָרגאַניזירטע אַרבייטער נעהמען ניט אַריין קיין יודישע אַרבייטער, און יודען בעשעפטיגען זיך בלויז מיט די זאַכען, וואָס זיי האָבען אַליין בעשאַפען און ענטוויקעלט. איך זאָג נאָך אַמאָל, דאָס די זאַך זעהט אויס אונגלויבליך פאַר די, וואָס זענען אונבעקאַנט מיט דעם הינגען לעבען. אונגלויבליך, זייט מען האָט די אויערען פערטויבט מיט דעם פּזמון איבער די ענגלישע פרייהייט. דאָס בלייבט אָבער דאָך אַ פאַקט, דאָס אין דער צייט, וואָס פאַר די וועניגע רייכע יודען זענען אַלע טיהרען געעפענט זענען פאַר'ן יודישען אַרבייטער, פּונקט ווי אין די אַלטע צייט, אַלע טיהרען געבליבען פערמאַכט.

די טויערען פון ענגלאַנד זענען פאַר די יודען ניט אויפגעעפענט געוואָרען אויף אַמאָל. אין קראָמוועלס צייט (מיט 350 יאָהר צוריק) האָט בלויז אַ קליינע צאָהל יודישע סוחרים געקראָגען די ערלויבניש זיך צו בעזעצען אין ענגלאַנד. די ערשטע יודען, וואָס זענען אַהער אָנגעקומען, זענען ניט געוועזען אָרימע עמיגראַנטען. דאָס זענען געוועזען גרויסע סוחרים מיט אַ רעכטען קאַפּיטאַל אין יענער צייט. דאָס זענען געוועזען סוחרים מיט גאָלד, דימענטען אָדער חלפנים. ויי האָבען דאָ געעפענט געשעפטען אין זייער פאַך אָדער זיך צוגעשטופּט צו דער בערזע. די יודען אין יענע צייטען האָבען געהאַנדעלט, ספּעקולירט אויף דער בערזע, געליהען געלד אויף פּראָצענט אָדער געעפענט גרויסע געשעפטען אין די שטעדט. די ענגלישע גרויסע אינדוסטריען אָבער, די פאַבריקען פון אייזען, פון טוך, פון באַוועל, — די קוילענגראָבען—די אַלע האָבען זיך ענטוויקעלט אָהן די יודען. די יודען זענען מיט דעם קיין מאָל אין מגע־ומשא ניט געקומען. אין 18־טען יאָהרהונדערט געפינען מיר אין ענגלאַנד יודישע סוחרים, וואָס האַנדלען אין אינדיען, מיר געפינען גרויסע יודישע געלד־מאַגנאַטען, אָבער קיין יודישע פאַבריקאַנטען. צווישען די גרויסע פאַבריקאַנטען אין יאָרקשיר און לאַנקשיר טרעפט איהר ניט איין איינציגען יודישען נאָמען, דאָרטען זענען דורכאויס קריסטליכע פאַבריקאַנטען און קריסטליכע אַרבייטער.

און דאָסזעלבע איז מיט די ענטוויקלונג פון די שיפען און שפּעטער מיט די באַהנען. דאָרטען וועט איהר ניט טרעפען אַ יודען איהר זאָלט זוכען מיט ליכט. די שיפען־בויער, ווי די שיפען־הענדלער, זענען קריסטען, חאָטש אַז מען דאַרף וואו אַרויסווייזען, ווי אַ שווינדלער אַ שיפען־איינענטהימער לאָזט זיין שיף פערזיכערן אויף אַ גרויסע סומע און דערטרינקט זי דערנאָך מיט אַלע איהרע מענשען, איז שטענדיג דער שווינדלער אַ יוד. עס פערשטעהט זיך, דאָס אַ יודישער שווינדלער רופט אַרויס ביים המון שטענדיג אַ גרעסערע אויפמערקזאַמקייט. אַ פאַקט איז אָבער, דאָס צווישען די גרויסע שיפען־איינענטהימער זענען קיין יודען ניט פאַרהאַן.

(ענדע קומט). י. ל. דאַלידאַנסקי.

---

## דער 5־טער קאָנגרעס.

פון די החלטות אויף דער אסיפה אין יעליסאַוועטגראַדער ראַיאָן האַלטען מיר פאַר נייטהיג צו ברייננגען די דאָזיגע פּונקטען.

1. די אַלגעמיינע אסיפות (די פאַרקאָנפערנצען) הויבען זיך אָן 4 טעג פאַר דעם קאָנגרעס.

2. יעדער ראַיאָן קלויבט אויס אַ דעלעגאַט, וואָס מוז קומען אין דעם אָרט פון קאָנגרעס מיט עטליכע טעג פריהער, כדי אויפצונעהמען די דעלעגאַטען פון זיין ראַיאָן.

3. צו פיהרען די אסיפות פון די רוסישע דעלעגאַטען ווערט אויסגעקליבען איין בעזונדער קאָמיטעט. די חברים פון דעם דאָזיגען קאָמיטעט קענען ניט זיין קיין חברים פון אַנדערע קאָמיסיעס אָדער קאָמיטעטען, וועלכע ווערען אויסגעקליבען אויפ'ן קאָנגרעס.

4. די דעלעגאַטען פון יעדער מדינה קלויבען אויס פאַר יעדע פראַגע, איבער וועלכע עס ווערט פערהאַנדעלט אויפ'ן קאָנגרעס, צוויי הויפּטרעדנער, וועלכע מאַכען איהם בעקאַנט מיט די מיינונגען פון גרעסערען און קלענערען צד.

5. די קאָמיסיעס דאַרפען ווערען אויסגעקליבען נאָך פאַר דעם קאָנגרעס, כדי די פּראָיעקטען און פּלענער פון די קאָמיסיעס זאָלען קענען בייצייטענס פאַרגעלעגט ווערען אין די פאַרקאָנפערענצען (אין די אסיפות, וואָס זענען פאַר דעם קאָנגרעס).

*

דער לעצטער בריעף פון פּאָסט־ביוראָ פערלאַנגט, מען זאָל זיך מיושב'דיגער פערהאַלטען ביים קלויבען פון דעלעגאַטען. אין נאָמען פון דעם הייליגען רעיון פערלאַנגט ער, מען זאָל בעסער גאָר ניט שיקען קיין דעלעגאַטען איידער אַזוינע, וואָס קענען דער זאַך ניט נוטצען.

*

איבער דאָס פּראָגראַם פון קאָנגרעס געפינען מיר אין דעמזעלבען בריעף פון פּאָסט־ביוראָ נאָך עטליכע וויכטיגע בעמערקונגען:

1. דער פיהרער פון ביוראָ מיינט מיט רעכט, אַז די פּונקטען איבער די פערבעסערונגען פון געזונדהייט און דעם גייסטיגען און מאַטעריאַלישען שטאַנד פון אונזער פאָלק דאַרפען אַרויסרופען לאַנגע ויכוחים, און ער פערלאַנגט דערום, אַז דער קאָנגרעס זאָל פערלענגערט ווערען נאָך אויף אַ טאָג, כדי מען זאָל קענען באַריכות אַרומרעדען די וויכטיגע אָנגערופענע פראַגען.

2. די פאָרשטעהער פון דער באַנק דאַרפען פאָרלעגען אַ דין וחשבון פון זייער אַרבייט ביז איצט. זיי דאַרפען ווייזען, וועלכע פריהערדיגע החלטות פון די קאָנגרעסען בנוגע די באַנק זענען דורכגעפיהרט געוואָרען, און וועלכע ניט און פאַר וואָס.

די פאָרשטעהער פון דער באַנק דאַרפען אויך ערקלערען, מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָבען זיי אַליין אויסגעקליבען נייע מורשים, ניט אָנפרעגענדיג די חברים פון דעם אַקציאָנסקאָמיטעט, פאַר וואָס האָבען זיי ביז איצט ניט אָבגעדרוקט דעם יאָהר־חשבון פון דער באַנק און וואָס איז געטהון געוואָרען פאַר די אַגיטאַציאָן.

3. בנוגע די אָרדנונג פון קאָנגרעס פערלאַנגט דער פיהרער פון ביוראָ, עס זאָלען ניט אויסגעקליבען ווערען צו פיעל חברים אין דעם קאָמיטעט פון קאָנגרעס.

די ארבייט פון די חברים פון קאמיטעט דארף ווערען בעסער איינגעטהיילט, איינער זאל צום ביישפיעל פיהרען דעם צעטיל פון די רעדנער, איין אנדערער זאל צעהלען די שטימען. ווייטער פערלאנגט ער, אז די אבשטימונג זאל זיין ניט אפען דורך אויפהויבען די הענד ווי ביז איצט, נאר שריפטליך.

---

# יודישע שטעדט און שטעדטליך.

א גוטע עצה. בעלי אסיפה'ניקעס. וואו איז דער אמת? שלום.

די געשיכטע, וואס איז איצטער פארגעקומען אין שטעדטיל זעלווע (גראדנער גוב.), דערמאנט מיר א שענע מעשה, וואס איך האב געהערט קינדווייז וועגען א יודיש שטעדטיל.

עס איז געוועזען א שטעדטיל, וואו עס האבען זיך, ניט איצט געדאכט, ניט געקענט האלטען קיין היהנער, גענז, קאטשקעס און דער־הויפט אינדיקעס. ווי מען האט זיי נור געקויפט, האט מען זיי אויף דער צווייטער נאכט צוגעגנב'ט, מען האט די בוידעמער פערשלאסען מיט גרויסע שלעסער, אויף קהל'ס חשבון האט מען געשטעלט היטערס, און עס האט אלץ ניט נעהאלפען. דאס שטעדטיל האט שרעקליך געליטען פון די גנבים. דאס אומגליק איז געוועזען גרויס, אפילו די כפרות אויף יום כפור פלעגט מען צוגנב'נען. איין מאל האבען זיך אלע בעלי בתים צונויפגעקליבען אויף איין אסיפה, וואס פאר א מיטעל מען זאל טהון צו דעם אומגליק און בהסכם כולם איז געבליבען, אז מען זאל מאכען א נייע אסיפה, אויף וועלכע מען זאל אויך רופען די גנבים און ביי זיי פרעגען איין עצה, וואס מען זאל טהון דערצו. און אזוי איז טאקע געוועזען, די גנבים זענען אויך געקומען אויף די אסיפה און זיי האבען געגעבען איין עצה, אז די בוידעמער, וואו די שטייגען מיט די עופות געפינען זיך, זאל מען ניט פערשליסען און די קהל'ס היטער זאל מען אבשאפען.

די שטאדט האט געפאלגט די גוטע עצה און מען האט אזוי גע־טהון, דערפון איז אבער ארויסגעקומען, אז די אלע פעטע עופות האבען די גנבים צוגענומען און דער שטאדט האבען זיי איבערגעלאזען נור ביינער און מאגערע עופות אויף כפרות שלאגען.

אין זעלווע האט מען פון לאנגע יאהרען געליטען פון די פראצענטניקעס און וואכערניקעס. פון לאנגע יאהרען אן פלעגען זיי פון יעדען די הויט שינדען, דאס לעצטע מלבוש און חפצים פלעגען זיי מיט זייערע גרויסע פראצענטען צונעהמען ביי די זעלווער יודען. מען האט פיעל יאהרען געקרעכצט און געזיפצט אונטער דעם יאך פון די וואכערניקעס און קיין שום עצה ניט געפונען צו דעם גרויסען אומגליק. ענדליך האבען זיי זיך דערוואוסט, אז אין פיעל אנדערע שטעדט האט מען שוין געפונען איין עצה, ווי זיך צו בעפרייען פון די בלוטצאפערס מיט זייערע גרויסע פראצענטען, זיי האבען זיך דערוואוסט, אז אין פיעל שטעדט האט מען איינגעפיהרט לייה חברות מיט ביליגען קרעדיט. און זעלווע האט אויך אזא חברה געוואלט איינפיהרען. מען האט בעקומען די מוסטער־תקנות און געמאכט איין אסיפה, אויף וועלכער מען האט געזאלט בעטען דעם פינאנץ מיניסטער צו בעשטעטיגען די דאזיגע תקנות אויך פאר דאס שטעדטיל זעלווע.

אויף דער אסיפה האט מען אויך גערופען די פראצענטניקעס און וואכערניקעס, וועלכע האבען אויף דער אסיפה געזאגט, אז אזא חברה איז פאר זיי קיין געשעפט ניט, אזא חברה איז עפיס א מאדע זאך, א לוקסוס פאר זעלווער יודען, און עס איז געבליבען, אז מען דארף ניט נאכטהון די היינטוועלטיגע פוסטע מאדעס פון אנדערע שטעדט. אויס גוטע עצה, אויס חברה און זעלווע איז ווידער געבליבען אונטער דעם שווערען יאך פון די פראצענטניקעס און וואכערניקעס.

די עופות גנבים האבען חאטש אויף דער אסיפה בעשלאסען יודען איבערלאזען מאגערע כפרות מיט ביינער אויף גריזען. די זעלווער וואכערניקעס ווילען מיט קיין זאך ניט פערגרינגערען די לאגע פון די דארטיגע יודען און טראכטען אפילו ניט צו פערקלענערען די פראצענ־טען פאר די אומגליקליכע, וואס דארפען אנקומען צו זיי. און ווער מוז דען ניט אנקומען צו זיי, ווער קען דען היינטיגע יאהרען פיהרען א גע־שעפט אהן קרעדיט?

און מען קען זיך פארשטעלען, וואס עס קען זיך אויסלאזען מיט די קליינע סוחרים און בעלי מלאכות, ווען עס וועלען אוועקגעהן נאך א פאר יאהר און עס וועט דארט ניט ווערען א חברה פיר ביליגען קרעדיט.

און אז אזא חברה זאל ווי צום גיכסטען ווערען איז, דאכט זיך, דא איין עצה אז מען זאל מאכען א נייע אסיפה און קיין גנבים מיט וואכערניקעס זאל מען אויף דער אסיפה ניט רופען, זיי זאלען דעות זאגען. דאס אומגליק איז אבער, וואס ווי נור א אסיפה, טהון זיך אן פערשיעדענע בלוטצאפערס אין שאפענע פעליכליך. און ווי מען זאל ניט שטעהן ביי דער טהיר און זיי ניט וועלען אריינלאזען, העלפט ניט. — ווי פון אונטער דער ערד, וואקסען זיי אוים אויף די אסיפות און שרייען און פילדערען און רעדען לשם שמים העכער פון אלעמען. דאס רוב ענדיגען זיך די אסיפות ווי זיי ווילען. ערשט שפעטער קוקט מען זיך אום, אז אלעס האט זיך געענדיגט זיי לטובה, אז זיי נור זאל ארויסקומען עפיס נוטצען.

פיעל יודישע שטעדט ליידען פון אזוינע בעלי אסיפה'ניקעס און מען ווייס ניט און מען געפינט קיין עצה ווי זיך צו בעפרייען פון זיי.

---

זאגט מיר, איך בעט אייך, ווי זאל איך זיך בעפרייען פון די צדדים וועגען דעם נייעם רב אין ווי ניצע, אדער ריכטיגער גזאגט, ביי וועלכען צד געפינט מען דעם אמת?

אין נומער 34 האב איך געשריבען וועגען דעם דארטיגען נייעם רב, אלעס געגרינדעט אויף א בריעף פון א מענשען וועלכען מען קען גלויבען.

פון דער צייט אן הער איך ניט אויף צו בעקומען בריעף פון רבנים אוים פערשיעדענע שטעדט, וועלכע זאגען אז אלעס, וואס איז געשריעבען וועגען דעם ה׳ ר. (דער וויניצער נייער רב) איז ניט ריכטיג, ער איז דער גרעסטער צדיק, דער לייטישעסטער מענש, דער גרעסטער למדן, און די גאנצע שטאדט האט איהם ווי איין מענש אויסגעקליבען און האט זיך פראסט פערליעבט אין איהר נייעם רב פאר זיין פיינקייט און לייטישקייט.

איך האב זיך באמת געפרעהט, וואס אין וויניצא איז אנשטאט א שלעכטען רב געווארען א גוטער, א לייטישער, א פיינער רב, איין אמת׳ע שיינדלינג פאר די שטאדט.

דערצו האב איך בעקומען א בריעף פון א צווייטען קארעספאנ־דענט ה׳ איש תם, וועלכען איך קען זעהר גוט און קען זיך אויף איהם פערלאזען און נאך א בריעף מיט עטליכע אונטערשריפטען, וועלכע איך קען ניט, אז דער נייער רב איז מיט אלע מעלות פון דער וועלט, — און איך האב זיך געפרעהט.

אָבער, צו מיין גרעסטען בעדויערען, האָב איך אויך בעקומען בריעף פֿון רבנים, וועלכע זאָגען אַז אַלעס וואָס עס איז געשריבען וועגען דעם נייעם רב ה׳ ר. אין „יוד“ נומער 34 איז קיין הונדערט־חלק, וואָס מען וואָלט בעדאַרפֿט שרייבען וועגען איהם, און למען האמת האָפֿען זיי, אַז איך וועל דרוקען נייע „מעשים טובים“ וועגען דעם רב.

מערקווירדיג איז דאָס, וואָס ביידע וויניצער קאָרעספּאָנדענטען, אויף וועלכע איך קען זיך פֿערלאָזען, זענען פֿון די שענסטע וויניצער בעלי בתים, צוויי אייגענע ברידער פֿון לייטישע עלטערן, ביידע זענען בעוואוסט פֿאַר לייטישע מענשען ניט נור אין וויניצע, נאָר אויך אין אַנדערע שטעדט פֿון יענער געגענד, און איינער שרייבט אויף דעם נייעם רב, אַז ער איז מיט אַלע מעלות און אַז אַזאַ רב איז אַ כָּבוד פֿאַר די שטאָדט, און דער צווייטער — אַז אַזאַ רב איז אַ בִּזָיון פֿאַר די שטאָדט. טהייל רבנים שרייבען, אַז איך האָב וועגען רב געשריבען ניט אמת, און טהייל רבנים, אַז וואָס איך האָב געשריבען איז ווייניג.

וואו זשע איז דער אמת? וועלכער צד, וועלכע רבנים זאָגען דאָ דעם אמת?

איך גלויב בֶּאֱמוּנָה שְׁלֵמָה, אַז דער נייער רב איז אַ גרויסער למדן, אַ לייטישער מענש און אַ שיינדלינג פֿאַר די שטאָדט. נאָר אפילו אויס די בריעף פֿון רב׳ס צד, וועלכע שרייבען אויף איהם אַלעס גוטס, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז דער נייער רב איז אַ איש חַיִל, דאָס הייסט אַ גרויסער בַּעל מַחְלוֹקֶת. וואו ער איז נור געוועזען רב, אין דובנע צי אין קאָבאָוועקע, האָט ער אומעטום געפֿיהרט מחלוקת. איך גלויב זיין צד, וואָס זאָגט, אַז די מחלוקת האָבען שטענדיג אָנגעהויבען אַנדערע, נאָר דאָס זעהען מיר זיכער, אַז וואו עס זענען נור מחלוקת געוועזען, איז דער רב ה׳ ר. אויסגעוואַקסען. און אַנשטאָט שלום, וואָס אַ רב דאַרף אומעטום מאַכען, זענען נאָך געוואָרען גרעסערע מחלוקת. דאָסזעלבע קומט איצטער אויך פֿאָר מיט איהם אין וויניצע. איבער דעם נייעם רב קריגט מען זיך אין שטאָדט ניט נור ווילד פֿרעמדע מענשען, נאָר אפילו אייגענע ברידער פֿון אייגענע טאַטע מאַמע.

אויף יעדען אופֿן, ווי באַלד דאָס רוֹב האָט דעם נייעם רב אויסגעקליבען (ווי איינינע פֿערזיכערען מיר), מוז דער קלענערער צד בעשטעהן דערויף למען השלום.

אין די יודישע שטעדט לעבט זיך נאָר ניט אַזוי גוּט, אַז מען זאָל אַנמאַכען פּוסטע מחלוקת, וועלכע קענען ניט נור קיין נוטצען ברענגען פֿאַר דעם כלל, נאָר פֿיעל שאַנדע פֿאַר איינענע און איבערהויפּט פֿאַר פֿרעמדע...

וואָס עס געהער זיך אָן צו אונזער צייטונג, וועט זי מעהר קיין בריעף וועגען די וויניצער צדדים ניט אָנגעהמען: ערשטענס, ווייל דעם אמת איז דאָ שווער צו געפֿינען ביי ביידע צדדים און צווייטענס, איז שלום אין די יודישע שטעדט און שטעדטליך ביי אונז טייערער פֿון אַלעס...

אֱמֶת.

## מען שרייבט אונז.

א. ג. פֿון האריעוו (כעם. גוב.): אונזער געמיינדע איז איינגעפֿאַלען זעהר אַ גוטע זאַך. ביי אונז געפֿינט זיך אַ תלמוד תורה פֿאַר אָרימע קינדער, וועלכע פֿיהרט זיך אין בעסטער אָרדענונג, אָבער ווי דער שטיינער איז; לערנען זיך דאָרט נור יונגליך. אָרימע מיידליך האָבען ניט וואו צו לערנען און עפֿענען פֿאַר זיי אַ בעזונדער שולע איז ניט דאָ אַזוי פֿיעל געלד. מען האָט געזוכט מיטלען, ווי געלד צו קריגען אויף עפֿענען אַ שולע פֿאַר אָרימע מיידליך, נאָר מען האָט ניט געפֿונען, דערום איז זיי איינגעפֿאַלען צו עפֿענען אַ שולע פֿאַר מיידליך טאַקי אין דער זעלבער תלמוד תורה און לערנען מיט זיי אין דער צייט, ווען די שילער זענען פֿריי פֿון לערנען. דאָס ברויכט קאָסטען ניט קיין פֿיעל געלד. די הוצאות דערויף וועט מען נעהמען פֿון דער קאָראָבקע. מען האָפֿט, אַז אויך די יודישע חברה צו פֿערברייטען בילדונג אין רוסלאַנד וועט אין דעם מיטהעלפֿען.

מיין הויפּטצוועק פֿון שרייבען דאָס נייעס אין אייער צייטונג איז, אַז די געמיינדען פֿון ניט רייכע שטעדט זאָלען אונז אין דעם קענען נאָכטהון, ווייל כמעט אין יעדער יודישער שטאָדט, ווי אָרים זי זאָל ניט זיין, געפֿינט זיך אַ תלמוד תורה, קען מען דאָרט אָהן גרויסע קאָסטען אויך איינפֿיהרען צו לערנען מיט אָרימע מיידליך אין דער צייט, ווען די יונגליך זענען פֿריי פֿון לערנען. מען דאַרף נור לעהרער צאָהלען און קיין אַנדערע קאָסטען איז דאָ ניטאָ.

N. פֿון באַילשאָי טאָקמאָק (טאַווּר. גוב.): ביי אונז געפֿינט זיך אַ מעדכענשולע צוזאַמען מיט אַ „שבת שולע“, וועלכע טראָגט דעם נאָמען „ל. י. בערנער“. די שולע געפֿינט זיך אין אַ הויז, וואָס די יורשים בערנער האָבען דער שולע געגעבען אומזיסט. דאָס פּראָגראַם פֿון לערנען איז דאָס זעלבע וואָס אין די צוויי קלאַסנע שולען פֿון מיניסטעריום פֿון פֿאָלקס בילדונג, נאָר דאָ ברויכט מען לערנען 4 יאָהר. אויסער אַלגעמיינע זאַכען ווערט אויך דאָ געלערנט די יודישע רעליגיאָן, העברעאיש, יודישע געשיכטע, האַנדאַרבייט און זינגען.

אין פֿאַריגען יאָהר האָבען זיך אין שולע געפֿונען 132 שילערינען, פֿון זיי אין דער ערשטער אָבטהיילונג 40, אין דער צווייטער 49, אין דער דריטער - 34 און אין דער פֿירטער—9. אין דער שבת שול האָבען געלערנט 17 שילערינען. פֿון די אַלע 149 שילערינען האָבען געלערנט 90 אומזיסט אָהן שום צאָהלען. אויסער דעם האָבען 58 שילערינען בעקומען אומזיסט ביכער צום לערנען, קליידונג 57—און 17 שילערינען—שיך.

אין דער צייט פֿון יאָהר האָט מען פֿאַר זיי געמאַכט אַ קינדער־אָווענד (אים חנוכה), אַ ליטעראַרישען אָווענד און אין חודש מאַי האָט מען די שילערינען געמאַכט אַ שפּאַציער אַ אין דייטשע קאָלאָניע. הוצאות האָט די שולע געהאַט 2125 רובל 44 קאָפּ. און הכנסה איז אין גאַנצען געוועזען 1035 רובל 16 קאָפּ. די 1190 רובל 28 קאָפּ. וועלכע האָבען געפֿעהלט, האָבען די יורשים ה״ה פֿ. און מ. בערנער דערלעגט פֿון זייער קעשענע.

נאָר עס פֿרעגט זיך, איז דען מעגליך, אַז אַזאַ וויכטיגע שולע זאָל קענען לאַנג עקסיסטירען מיט אַזאַ גרויסען דעפֿעציט? קען מען דען פֿערלאַנגען, אַז יאָהר יעהרליך זאָלען די ה״ה בערנער דעקען דעם גרויסען דעפֿעציט?

אונזערע בעלי־בתים און איבערהויפּט זייערע פֿרויען וואָלטען זיך בעדאַרפֿט מעהר אינטערעסירען מיט דער וויכטיגער שולע, דאַן וואָלט זי געקענט אויסקומען אָהן דעפֿעציטען.

## די יודישע וועלט.

עסטרייך. זונטאָג דעם 13/10 וועט זיין אין לעמבערג אַ פֿערזאַמלונג פֿון יודישע סטודענטען צו דער פֿערזאַמלונג זענען בעשטימט די פֿאָלגענדע רעפֿעראַטען.

1. איבער די גרינדונג פֿון אַ פֿעריין „יודישעס וויסען“. רעפֿערענט יעקב טהאָן.

2. יודישע פֿעריינען פֿון גימנאַסטיק און ספּאָרט. רעפֿערענט: יעקב זעצער און דוד העשעלעס.

3. אַ יודישעס סטודענטען־היים אין לעמבערג. רעפֿערענט: גוסטאַוו בראַמבערג.

4. די לאַגע פֿון דער יודישער יוגענד. רעפֿערענט: הייגריך לעווענהערץ.

5. דאָס נגיעות פֿון יודישע סטודענטען צו זייערע חברים נישט־יודען.

*

**רוסלאַנד.** — דער קאָמיטעט צו העלפֿען די נשרפים אין בריסק דליטא האָט ביז אַהער צונויפֿגעקליבען 81,000 רובעל (פֿון זיי איז די נדבה פֿון רוסישען קייזער 50,000 ר׳). כדי די בעשעדיגטע הענדלער און בעלי בתים זאָלען קענען ווייטער פֿיהרען זייער געשעפֿט, האָט דער קאָמיטעט בעשלאָסען צו אַסיגנירען 10,000 רובעל אויף געבען הלואות צו 150—300 ר׳ אָהן פּראָצענט מיט דעם תנאי אויסצוצאָהלען זיי במשך פֿון 4 יאָהר. פֿון דעם געלד וועט זיך שפּעטער בילדען אַ פֿאָנד צו געבען שטיצע אין אומגעריכטע אונגליקספֿעלע. 2000 רובעל האָט מען פֿונאַנדערגעגעבען בעלי-מלאכות אויף איינקויפֿען כלים, 500 ר׳ — זעהר נויטבעדירפֿטיגע, 2000 ר׳ האָט מען געגעבען בתורת הלואה דער יודישער צדקה-חברה, כדי צו בויען ביליגע וואָהנונגען פֿאַר די אָבגעברענטע. 59,000 ר׳ האָט מען פֿונאַנדערגעטהיילט אַלס שטיצען, און דעם רעסט האָט מען אויסגעגעבען אויף דינגען וואָהנונגען און אַנדערע בעדערפֿענישען.

— אין אָדעס איז נאָך אַמאָל געוועזען אַ משפּט וועגען די תביעות פֿון ה׳ א. העלמאַן און בורדין, וועלכעס האָבען געהאַט שאָדען בשעת דעם אָדעסער פּאָגראָם, דער ערשטער 5596 ר׳ און דער צווייטער 10,000 ר׳. דאָס געריכט האָט זיי איינמאָל אָבגעזאָגט און זיי האָבען דערום איינגעגעבען אין סענאַט, וועלכער האָט מבטל געוועזען דעם ערשטען פּסק. איצט איז דער משפּט צום צווייטען מאָל געוועזען אין דער סודעבנער פּאַלאַטע, וועלכע האָט ווידער אָבגעזאָגט זייער תביעה.

— דער סענאַט האָט ערקלערט, אַז 1) יודען סוחרים פֿון ערשטער גילדע האָבען דאָס רעכט צו שיקען קאָמי-וואָיאַזשערען אין די ערטער אויסערהאַלב פֿון תחום; 2) אַז די פּאָליציי האָט נישט קיין רעכט אַריינצוזעצען אין תפיסה יודען וועלכע קומען אין ערטער, וואו זיי האָבען נישט דאָס רעכט צו וואָהנען — כדי אָבצושיקען זיי דורכ׳ן עטאַפּ אין די ערטער, וואו זיי זענען צוגעשריעבען, 3) אַז די פּאָליציי בעאַמטע בעגעהן דורך דעם אַ פֿערברעכען לויט אַרטיקעל 348.

— פֿאָריגען יום-כפור איז דער דייטשער קייזער אַרויסגעריטען פֿון ראָמינטען, וואו ער איז געוועזען אויף אַ געיעג, קיין ווישטינעץ אין אַ יודיש שטעדטיל נעבען דער גרענעץ, וועלכעס איז אָבגעברענט געוואָרען דעם 26 אויגוסט. דער דייטשער קייזער, צוזאַמענרופֿענדיג דעם עולם אויפֿ׳ן מאַרקפּלאַץ, האָט מודיע געוועזען, אַז דער רוסישער קייזער, הערענדיג פֿון זייער אומגליק, האָט געשיקט פֿאַר זיי דורך איהם 5000 רוב׳ און האָט איבערגעגעבען דאָס געלד זיין הויפּט-פֿערסטער, ער זאָל עס פֿונאַנדערטהיילען צווישען די אָבגעברענטע. דער רוב מענשען, וועלכע האָבען געהאַט שאָדען פֿון דער שרפה, זענען יודען און בשעת דער קייזער איז געקומען אין שטאָדט זענען זיי געוועזען אַלע אין שול. אויף דער אויפֿפֿאָדערונג פֿון קייזער זענען זיי אַלע אַרויסגעקומען און זיך פֿערזאַמעלט אַרום איהם. דער דייטשער קייזער האָט אַליין אויך געשיקט פֿאַר די אָבגעברענטע תיכף נאָך דער שרפה 10,000 מאַרק און אויסערדעם געגעבען אַ בעפֿעהל זיין הויפּט-פֿערסטער, ער זאָל יעדען טאָג אַרויסשיקען ברויט און פֿערזאָרגען די יודען מיט כשר עסען.

— ווי דער „וואַרש. דנעווניק“ איז מודיע פֿערגרעסערט זיך לעצטענס די צאָהל פֿון יודישע סטודענטען אין וועטערינאַרישען אינסטיטוט אין וואַרשוי און אויך אין אַנדערע ערטער. אַ מאָל פֿלעגען יודען זעהר ווייניג איינטרעטען אין וועטערינאַרישען אינסטיטוט אַזוי אַז עס איז נישט געוואָרען אויסגעפֿולט די $10^{0}/_{0}$-טיגע נאָרמע; איצט אָבער וועגען דער נייער בעגרענצונג זיינען די יודען געניייטיגט אַריינצוטרעטען אומעטום ווי עס איז נור דאָ אַ לעדיגער פּלאַץ. אויסער דעם מיינט דער „וואַרש׳ דנעווניק“, טרעטען די יודישע סטודענטען איין אין וועטערינאַרישען אינסטיטוט מיט דער דעה איבערצוגיהען שפּעטער, נאָך דעם ענדיגען פֿון ערשטען קורס, אין איין אוניווערזיטעט, ווייל דאָן בעקומען זיי אַ דין קדימה פֿאַר אַנדערע סטודענטען וועלכע האָבען אפילו גאָלדענע מעדאַליען.

— דער „סיעווו׳ זאַפּאַד׳ סלאָוואָ“ איז מודיע אַז אין ווילנער האַנדעלסשולע טרעטען ווייטער איין ביטען פֿון שילער. סך הכל זיינען ביז היינט אַריינגעקומען מעהר ווי 400 ביטען פֿון יודען און 40 פֿון קריסטען. דער פּאָפּעטשיטעלני סאָוויעט איז זיך משתדל אַז מען זאָל אויף די לעדיגע פּלעצער צונעהמען יודען.

— דער פֿערוואַלטער פֿון דער לעהראַבטהיילונג אין פֿינאַנצמיניסטעריום געהיימראַט אַנאַפּאָוו האָט נישט לאַנג בעזוכט וויטעבסק. די מיטגליעדער פֿון דער קאָמיסיאָן וועגען עפֿענונג פֿון אַ האַנדעלסשול אין וויטעבסק האָבען איהם ערקלערט, אַז אין וויטעבסק, וואו דאָס רב סוחרים און פֿאַבריקאַנטען זענען יודען, קען נישט האָבען קיין קיום אַ האַנדעלסשולע מיט בעגרענצונגען פֿאַר יודען, עס וועלען איהר פֿעהלען נישט נור מיטלען, נאָר אויך שילער. איינינגע נאַכגיביגע מיטגליעדער האָבען געזאָגט, אַז עס קען ווערען בעגרענעצט די צאָהל פֿון די יודישע שילער ביז 50 פּראָצענט, נאָר מיט דעם תנאי, אַז אויף די ליידיגע פּלעצער זאָלען ווערען צוגענומען יודען. ה׳ אַנאַפּאָוו איז אַרויסגעפֿאָהרען אויס פּעטערבורג לויט דעם פֿאָלגענדען מאַרשרוט: דווינסק וויטעבסק, מינסק, סלאָנים, נאָרדנאַ, ווילנאַ, ריגאַ, ליבאַווא, נאָוואָזיבקאָוו, קיעוו און פֿון דאָרט נאָך דרום און פּוילען, בעקענענדיג זיך מיט די האַנדעלסשולען, וועלכע עקזיסטירען פֿון פֿריהער און וועלכע ווערען איצט געגרינדעט. פֿאָרשט ה׳ אַנאַפּאָוו בעזונדערס אויס די פֿראַגע, ווי ווייט די פּראָצענט בעגרענצונג פֿאַר יודען האָט געווירקט אויף די האַנדעלס-בילדונג.

— דער סענאַט האָט ערקלערט אַז כדי אַ יודישער סוחר זאָל קענען ווערען פֿערעכענט צווישען די סוחרים I-טע גילדע פֿון אינוועניגסטען רוסלאַנד איז נייטהיג, אַז ער זאָל פֿריהער זיין 5 יאָהר סוחר I-ער גילדע אין דעם תחום; און עס איז גענוג אַז, דער סוחר זאָל צאָהלען די גילדע אין דעם תחום, חאָטש ער איז נישט פֿערעכענט אַלס סוחר דורך די קאַזיאָננע פּאַלאַטע.

— איין יודישער עמיגראַנט, וועלכער איז אין 1895 אַרויסגעפֿאָהרען קיין אַרגענטינאַ מיט הילף פֿון דער חברה יק״א און דאָן בעקומען פֿון טאַווריצעסקען גובערנאַטאָר איין שיין, אַז ער הערט אויף צו זיין רוסישער אונטערטהאַנער, איז געניייט געוועזען איצט צוריקצוקומען קיין רוסלאַנד, און האָט זיך דערום געוועגדט צום גובערנאַטאָר מיט אַ ביטע אַז מען זאָל זיין פֿאַמיליע צוריק אָננעהמען פֿאַר רוסישע אונטערטהאַנען. אין זיין ביטע בעציעהט זיך דער עמיגראַנט דערויף, אַז ער און זיינע קינדער אַלס געבאָרענע אין רוסלאַנד האַלטען זיך אויך ווייטער פֿאַר רוסישע אונטערטהאַנען, אַז צוריקקומענדיג פֿון אַרגענטינאַ האָבען זיך די קינדער געשטעלט צום פּריזיוו און די פּאָליציי גיט זיי אויך איצט אַרויס צייטווייליגע שיינען, אַז זיי מעגען וואָהנען אין רוסלאַנד. דער טאַווריצעסקער גובערנאַטאָר האָט ערפֿילט די ביטע פֿון עמיגראַנט.

— אין טיפֿליס (קאַווקאַז) איז געוועזען מיט דער ערלויבעניש פֿון דער פּאָליציי איין אסיפה פֿון דעם יעקאַטערינאָסלאַווער ציוניסטישען ראַיאָן. די ערשטע אסיפה איז געוועזען אין טהעאַטער, וועלכער איז געוועזען בעפּוצט מיט יודישע פֿאָהנעס און מגן דוד׳ס. די פֿיהרער פֿון דער אסיפה האָבען אָבער ניט אָבגעהיט די פֿאָרשריפֿטען פֿון דער פּאָליציי, און דערום האָט מען פֿון זיי צוגענומען די ערלויבניש אויף די ווייטערדיגע עפֿענטליכע אסיפות. די איבריגע אסיפות זענען דערום געוועזען קליין און זענען בעשטאַנען נור פֿון די דעלעגאַטען.

— אין טשערקאַסי (קיעוו׳ גוב׳) איז געעפֿענט געוואָרען אַ שניידעראַרטעל לויט פּראָיעקט פֿון בעקאַנטע אַרטעלען-גרינדער ה׳ נ. וו. לעווינסקי און בעשטעטיגט געוואָרען פֿון קיעווער גובערנאַטאָר. אויסער דעם האָבען נאָך 2 אַרטעלען בעקומען די ערלויבניש זיך צו עפֿענען.

— אין ביאַליסטאָק ווערט געגרינדעט אַ חברה צו העלפֿען די פֿיזישע ענטוויקעלונג, פֿון יודישע קינדער.

— אין פּאַריצי (מינסקער גוב׳) געפֿינט זיך אַ חברה פֿון וואָהלוועלען קרעדיט און אַ שפּאַרקאַסע וועלכע געהערט צו די ערשטגעגריגדעטע אין דעם יודישען תחום. די חברה איז געגרינדעט געוואָרען אין 1899 יאָהר דורך קליינע הענדלער און בעלי מלאכות, יעדער פּאַי טרעפֿט אָן 25 רובעל. צום ¹/₁ 1901 האָט דער קאַפּיטאַל פֿון דער חברה בעטראָפֿען 4787 ר׳ און במשך פֿון 1900 יאָהר זענען אַרויסגעגעבען געוואָרען 308 הלואות אויף אַ סומע פֿון 43,000 ר׳. די חברה איז זעהר בעליעבט און האָפֿט צו בעקומען אין גיכען איין אנלייהע פֿון דער רעגירונגס באַנק.

לויט דעם מוסטער פֿון דער פּאַריצער חברה זענען געגרינדעט געוואָרען נאָך אַזעלכע חברות אין מאָזיר, ריעציצאַ, פּעטריקאָוו, שטשעדרין און אַנדערע שטעדט.

— אין פּעטערבורגער אוניווערזיטעט איז פֿאַרהאַן אַ בעזונדער אַראַביש-יודישע אַבטהיילונג. בכלל איז דאָ זעהר ווייניג בעלנים איינצוטרעטען אין די דאָזיגע אַבטהיילונג און היינטיגס יאָהר האָט זיך נישט געפֿונען קיין איין קריסט, וועלכער זאָל וועלען אָהין אַנקומען. 4 יודען האָבען אפילו יאָ דערלאַנגט ביטען, נאָר ווייל עס זענען ניטאָ אַנגעקומען קיין קריסטליכע ביטען האָט מען די יודען נישט געקאָנט אַננעהמען. די פּראָפֿעסאָרען פֿון דער דאָזיגער אַבטהיילונג ווענדען זיך איצט מיט אַ ביטע צום מיניסטער פֿון פֿאָלקס בילדונג, אַז מען זאָל אויסנאַהמסווייזע צונעהמען די 4 יודען וועלכע ווילען איינטרעטען אין די אַראַביש-יודישע אַבטהיילונג.

— דעם $^{27}/_{8}$ איז אין ראַסטאָוו-דאָן געוועזען איין אספה פֿון בעלי-מלאכות אויס דעם שניידער-צעך. אויף דער אספה איז פֿאָרגעלעגט געוואָרען איין אַנטראַג פֿון איינינגע גרויסע וואַרשטאַטען פֿון פֿאַרטיגע קליידער, אַז מען זאָל זיך ווענדען מיט אַ ביטע, דאָס מען זאָל ערלויבען יודען בעלי-מלאכות וואָהנען צייטווייליג אין ראַסטאָוו. די גרופּפּע, וועלכע איז אַרויסגעטרעטען מיט דעם דאָזיגען אַנטראַג, ווייזט אָן אַז זייט אין ראַסטאָוו-דאָן האָבען יודען שניידער פֿערלאָרען דאָס רעכט צו וואָהנען, האָט זיך שטאַרק פֿערקלענערט די אויסאַרבייטונג פֿון פֿאַרטיגע קליידער, ווייל ערשטענס איז אין ראַסטאָוו דאַצו ווייניג אַרבייטער, כדי פֿאַרטיג צו מאַכען די גאַנצע אַרבייט און צווייטענס זענען פֿיעל פֿון די נישט יודישע אַרבייטער שכורים, מיט וועלכע עס איז שווער אויסצוקומען. ליידער האָט אָבער דער אַנטראַג געהאַט זעהר פֿיעל מתנגדים מצד פֿון די קליינע שניידערליך, וועלכע האָבען מורא פֿאַר די יודישער קאָנקורענץ און דערום איז דער אַנטראַג נישט אָנגענומען געוואָרען.

— דער עהרען-קוראַטאָר פֿון די ווילנער טהעאַטערען ה׳ סלעזקין האָט בעשלאָסען אָוועקצוגעבען 1 פּראָצענט פֿון דער לייזונג אין די טהעאַטערען די ווילנער צדקה-חברות אָהן אונטערשיעד פֿון רעליגיאָן. די יודישע חברות וועלען בעקומען זייער טהייל פֿאַר די יודישע ימים-טובים אין הערבסט און צו פּסח.

**דייטשלאנד.** — נישט לאנג איז געווען א אסיפה פון דייטשע יוריסטען, אויף וועלכע דער פרעזעס האט מודיע געווען, אז די דייטשען קענען שטאלצירען מיט זייערע אדוואקאטען, צווישען וועלכע עס געפינען זיך אזאלכע וויכטיגע יוריסטען ווי..... און נאכהער האט דער פרעזעס אויסגערעכענט די נעמען פון 15 בעריהמטע יוריסטען פון וועלכע 13 זענען—יודען.

*

**רומעניען** — פון מאי 1899 ביז יאנואר 1901 האט די חברה „כל ישראל חברים" אויס געגעבען פאר רומענישע ארימע יודען ½ מיליאן פראנק. איצט עקזיסטירען אין פערשיעדענע ערטער אין רומעניען 25 יודישע קיכען וועלכע גיבען ארויס עסען 6360 פערזאן טעגליך, און קאסטען דער חברה 25,000 פר' מאנאטליך. אויף רייזעקאסטען פאר עמיגראנטען האט מען אויסגעגעבען 45,0000 פר'.

*

**ענגלאנד.** — אין נייעם „יודישען יאהרבוך", וועלכער איז ערשיענען אין לאנדאן, זענען געבראכט אייניגע סטאטיסטישע ידיעות וועגען דער צאהל פון יודען אין פערשיעדענע ערדטהיילען. סך־הכל געפינען זיך יודען אויף דער וועלט 11,242,655 נפשות; און נעמליך: אין אייראפא 9,351,730, אין אזיען — 368,000, אין אפריקא — 403,800, אין אמעריקא — 1,103,135, אין אויסטראליען 16,000. אין גאנץ ענגלאנד (מיט איהרע קאלאניעס) געפינען זיך 250,000 יודען, אין אין לאנדאן אליין 97,000.

---

## ראמאנסען.

I.

אין דעם ווייטען לאנד מצרים,
זאגט מען, שטעהט א פיראמיד...
הויבט די זון נור אן צו שיינען,
הויבט ער זינגען אן א ליעד.

אבער ווי די זון פערגעהט נור,
קעהרט איהר פנים אב פון איהם,
הערט דער טהורעם אויף צו זינגען
און פערלירט זיין צויבערשטים.

קוק זיך איין, איך בין דער טהורעם
און דו ביסט מיין גאלדענע זון!
הויבט דיין פנים אן צו לייכטען,
הויב איך זינגען אן דערפון...

אבער ווען דיין בליק ווערט פינסטער
און בעקוקט מיך אזוי קרום,
דאן ווערט פינסטער מיר אין הארצען
און איך ווער בעטריבט און שטום...

II.

איך בין דיר דיין גוטסקייט איצט מוחל,
דיין זיסע רחמנות מיך קרענקט:
איך וויל קיין נדבה ניט געהמען
פון שפעטינער ליעבע געשענקט.

פלעגסט לאכען, ווען מיר פלעגט צוברעכען
דאס הארץ זיך פון שמערץ אהן א שיעור!
ביי דיר איז א שפילכעל געוועזען
מיין ברענענדע ליעבע צו דיר...

נור יעצט, ווען פערמוטשעט, דערהרג'עט
איז יעדער פערלאנג אין מיין ברוסט,
און מיר איז פון צרות פערגאנגען
פון לעבען און ליעבען די לוסט...

איצט קומסט דו דיין מיטלייד צו צייגען
און ביסט אזוי ווייך, אזוי מילד,
איצט קומסט דו ערפילען דעם וואונש מיר
וואס דו האסט אמאל ניט ערפילט.

נאר איך בין דיר דיין גוטסקייט איצט מוחל,
דיין זיסע רחמנות מיך קרענקט, —
וואס איך האב אמאל ניט געפועלט,
וויל איך איצט ניט קריגען געשענקט....

קאלאראדא. יהואש.

---

## די זומערפויגעל.

א מעשה פאר גרויסע און קליינע קינדער.

V.

די איבריגע יונגע שטארכען האבען זיך דערווייל שטארק פלייסיג געלערנט פליהען. אויפ'ן דריטען אדער פירטען טאג האבען זיי שוין געקענט נישט־קשה'דיג פליהען און האבען געמיינט אז זיי קענען זיך שוין לאזען שוועבען הויך אין דער לופט.— וואס קליינע קינדער מיינען, דאס טהוען זיי טאקי געוועהנליך באלד, ווארום קליינע און יונגע קינדער שטעלען אויף זיך א סך, ווייל זיי האבען נאך נישט געפרווט עפים צו טהון, מיינען זיי אז אלעס איז גרינג, אז מיט זייערע כוחות קענען זיי אלסדינג טהון, און אזוי האבען זיך אונזערע קליינע שטארכען נישט לאנג ווארטענדיג געלאזט פליהען, אבער אז זיי האבען זיך נור אויפגעהויבען א ביסיל, און זיך געלאזט צום וואלד, זענען זיי באלד מיעד געווארען און האבען געמוזט זיך אומקעהרען צוריק.

— איי, קינדער בלייבען טאקי קינדער! — זאגט זיי די מוטער שמייכלענדיג און צוזעהענדיג, ווי זיי שלאגען מיט די פליגלען צוריק ארויסצודראפען זיך אויף דער נעסט, שוין נעביך גאר אהן כוחות.— פריהער האט איהר זיך גאר ניט געוואלט ריהרען פונ'ם ארט, און איצט לויפט איהר שוין גאר פאר פייער און אין פאר וואסער. געדולד, געדולד, קינדערליך! פרווט פריהער נוט אייערע כחות, לערנט זיך אויס גוט פליהען, און דער עיקר, נעמט אייך אן פריהער מיט קרעפטען, אז איהר זאלט זיך קענען לאנג האלטען אין דער לופט אומגענעסען, דערנאך וועט איהר זיך מעגען לאזען שוועבען אין דער וועלט!

די ווייסע חברה אונטען אויף דער גאס האט אויך געזעהען, ווי די קליינע שטארכען האבען זיך געלאזט פליהען, זענען געפאלען און האבען געמוזט זיך אומקעהרען צוריק אין דעם נעסט אריין. דאס האט זיי צוגענעבען קוראזש נאך מעהר פון זיי צו לאכען און חוזק צו מאכען; ווארים פון „בנפול אויבך אל תשמח" (אז דיין שונא איז געפאלען, זאלסט דו זיך נישט פרעהען) האלטען זיי גאר נישט, חאטש ביי זיך אין זייערע בתי־מדרשים זענען זיי נור „גאט און ציצית" און רעדען נור דערפון, ווי אזוי מ'דארף ליעב האבען יעדען מענש, אפילו א שונא. נאר, ווי זאגט מען עפים, רעדען קאסט דאך קיין געלד נישט. וואס זשע ארט עס, אז מע האט ליעב די גאנצע וועלט מיט דעם מויל. אז מע וויל אדער ווען מע בעדארף נור, קען פון דער ליעבשאפט פאלען אזא שרעק אויף אלע, אז עס זאל זיי ווערען פינסטער אין די אויגען.

— נו, עפים גוט דארטען, וואהין איהר זענט געפלויגען? — האבען זיי געשריגען מיט א געשפאט — פון דעסטוועגען זענט איהר באלד צוריק געקומען, חאטש דא ווארפען מיר אייך שטיינער. אפנים איהר וועט זיך שוין פון אונזערע הענד נישט אויסדרעהען, דא וועט שוין זיין אייער עק! — און אזוי רעדענדיג האבען זיי ווייטער אנגעהויבען זונגען דאס זיסע ליעדעלע.

— זאלען מיר אראבפליהען און זיי אויסשטעכען די אויגען מיט די שנאבלען? זאגען די יונגע שטערכליך צו דער מוטער.

— ניין, לאָזט זיי לויפֿען,— ענטפֿערט די מוטער — דערפֿון וועט גאָר נישט אַרויסקומען. דאַרפֿט איהר מיט זיי פֿיהרען קריג און דערויף פֿערלירען אייערע כחות, גלייכער זיי בעניצען דאַרויף אונז צו־שטאַרקען, מיר זאָלען קענען זיי פטור ווערען. לאָזט זיי לויפֿען און לאָמיר טהון אונזערעס: איינס, צוויי, דריי; איינס, צוויי, דריי; איצט וועלען מיר פֿליהען רעכטס; איינס צוויי, דריי, איצט לינקס פֿונ׳ם קוימען; איינס, צוויי דריי, אָ, איהר זעהט? זעהר גוט! אָ, איצט נאָך בעסער, טאַקי גאָר אויסגעצייכענט דער לעצטער מאָך מיט די פֿליגעל; דערפֿאַר וועל איך אייך מאָרגען מיטנעהמען אויף דער זומפּ! דאָרטען וועלען זיין נאָך עטליכע פון אונזערע פֿאָרנעהמסטע פֿאַמיליעס מיט די קינדערליך, זעהט זשע איהר זאָלט זיך דאָרט האַלטען גלייך און גוט פֿליהען; לאָזען די גרויסע צאַפּעס זעהען אַז מיר זענען די אמת׳ע שטאַרכען.

— נו, און אין די שלעכטע גראָבע יונגליך זאָלען מיר זיך טאַקי נישט נוקם זיין? — טענה׳ן די שטערכליך אַלס זייערס, ווייל די גאַסעניונגליך מיט זייער שפּאָט און מיט זייערע שטיינער האָבען זיי נעביך נישט געלאָזט לעבען, און זענען זיי געלעגען טיעף אין דער לעבער.

— לאָזען זיי שרייען צוזעצטערהייט, וואָס זיי ווילען, זאָג איך אייך, וואָס דאַרפֿט איהר זיך צוהערען צו זייער בילען? איהר וועט זיך דאָך אויפֿהויבען הויך, העכער ווי די וואָלקענס, און וועט קומען אין אַ שען וואַרים לאַנד, און זיי וועלען דאָ פֿערפֿרוירען ווערען און נישט זוכה זיין צו זעהן אַ גרין בלעטיל.

— נישט קשה, מיר וועלען זיך פֿאָרט אין זיי נוקם זיין! — זאָגען די שטאַרכען שטילערהייט איינער צום אַנדערען אַזוי אַז די מוטער זאָל נישט הערען.

נאָר די מוטער האָט יאָ געהערט.

— גוט! — זאָגט זי — איך זעה, אַז זיי לינען אייך טיעף אין האַרץ די אַלע בזיונות און דאָס גאַנצע שלעכטינקייט וואָס איהר ליידעט פון די גאַסעניונגליך. דאס איז דוקא נישט קיין חסרון, מיינע קינ־דערליך, איך זעה אַרויס אַז איהר האט אמת׳ע איידעלע געפֿיהלען. איהר פֿיהלט אַז איהר זענט גאָטס בעשעפֿעניש גלייך מיט אַלע חיות, אַז קיינער האט נישט קיין רעכט זיך צו האַלטען גרעסער פון אייך און זיין איבער אייך אַ הערר, איבער אייך געוועלטיגען, אייך יאָגען אָדער מאַכען פון אייך געשפעט. מיט אַזעלכע געפֿיהלען וועט איהר שוין נישט בלייבען קיין קנעכט ביי יענעם; איהר וועט נישט פֿערקויפֿען אייער כבוד פֿאַר אַ ווערימיל, פֿאַר אַ שלענגיל, אַבי אָנשטאָפּען די קישקע, וועט נישט בייגען די קעפּ פֿאַר יעדער נידריג בעשעפֿעניש. לעבען זאָלט איהר דערפֿאַר, מיינע טייערע זיסע קינדערליך, איך זעה, איהר זענט אמת׳ע שטארכען, וואָס זענען אויסגעוואַקסען הויך, הויך אונטער׳ן הימעל, אין גאָטס בלויער ריינער לופט. דער וואָס קלערט און פֿיהלט אַנדערש, דער וואָס איז גרייט איבערצוטראָגען אַלע שלעק, אַלע צרות, אַלע בזיונות, דער וואָס בויגט זיך איין אין דרייען פֿאַר אַ ליאדע גאַסעניונגליך, ציטערענדיג פֿאַר אַ קלאַפּ, דער איז נישט ווערטה זיך אָנצורופֿען גאָטס בעשעפֿעניש, צו אָטהמען מיט דער ריינער לופט, אַזעלכע מיני בעשעפֿענישען זענען ערגער ווי די ווערים, און דעריבער טרעט זיי יעדער מיט די פֿיס.

— פֿאַר וואָס־זשע לאָזט דו אָבער נישט מיר זאָלען זיך נוקם זיין אין די שלעכטע יונגליך, וואָס ווילען אונז צוטרעטען? פֿרעגען די יונגע שטאַרכען.

— יאָ, פֿאַר וואָס טאַקי לאָזט דו אונז ניט זיך נוקם זיין אין די שלעכטע שקצים, וואס ברייגגען אונז צו אַלע צרות און נידריג־קייטען,— איז צוגעשטאַנען דער עלטערער פון אַלע, וואָס האָט ליעב געהאַט זיך אַריינצולאָזען אין חקירות: דער וואָס צוטרעט יענעם, ווייל יענער איז שוואַכער פון איהם, איז דאָך פֿיעל נידריגער פון דעם דאָ־זיגען שוואַכען, וואָס נעביך פון שרעק און מורא צוטרעטען צו ווערען, שמייכעלט ער אַביסיל אונטער דעם שטאַרקערען און טהוט איהם אין אַלסדינג נאָך. יאָ, עס זאָל ניט זיין די אייביגע מורא און שרעק פֿאַר די שלעכטע, וואָס בענוצען זייער קראַפֿט נור שלעכטס צו טהון, וואָלט ניט געוועזען אַזוי פֿיעל נידרינקייט און שמייכלעריי ביי די שוואַכע, וואָס מוזען נעביך אין דער נויט זוכען פֿערשיעדענע מיטעל זיך אַרויסצודרעהען פון זייערע הענד. פֿאַר וואָס האט אונז אונזער ברודער פֿערלאָזט און איז איבערגעגאַנגען צו זיי? ווייל זיי האָבען כסדר אונז געשראָקען מיט קוילען, פֿערברענען. יאָ! איבער זיי, איבער זייער שלעכטינקייט, איבער זייער געשפעט, חוזק מאַכען און טוידט־שרעקען קומט אַרויס ביי אונז אַזוי פֿיעל נידריגקייטען און דערפֿאַר האב איך זיי מעהר פֿיינד ווי פֿאַר אַלעם.

דער פֿאָטער איז געשטאַנען אויף דער וואַכע געבען דער נעסט און האָט אַלעס געהערט. ער איז צוגעגאַנגען געהענטער און האָט מיט פֿרייד און שטאָלץ אַקוק געטהון אויף זיין עלטער קינד. די מוטער האָט איהם מיט וואַרימער ליעבע גענומען נעבען זיך און איהם בע־דעקט מיט איהרע פֿליגלען. זי איז געזעסען שטיל און טרויריג: מען האָט איהר דערמאַהנט אין איהר פֿערלאָרען קינד און דאָס האט איהר ווייטער צוריסען דאָס האַרץ און אַרויסגערופֿען דעם אַלטען ביטערען וועהטאָג.

אַלע זענען פֿערשוויגען געוואָרען. פֿערשוויגען געוואָרען איז אַלעס אַרום און אַרום. אַלעס האָט גערוהט בעשיצט פון דעם שענעם בלויען בעשטערענטען הימעל.

VI.

ס׳איז אַוועקגעגאַנגען אַ פּאָר טאָג, ס׳איז געוועזען אַ שטילער זומערדיגער אָווענד. דאָס געשריי און גערויש, וואס הויבען זיך אָן געוועהנליך אין דאָרף ביים צוריקקומען פון דער טשערעדע, ביים אַריינטרייבען די קעלבליך, מעלקען די קיה, ביים אָנטרינקען די בהמות, האָבען שוין אויפֿגעהערט. אַלע דאָרפֿס־לייט מיט די פֿאַמיליען זענען געזעסען אויף די שוועלען מיט די ליימענע קריגליך אין די הענד און האָבען געגעסען וועטשערע, ווי דער מנהג איז אין אַ סך דייטשע דערפֿער. אָט גיט אַ רעווע ערגיץ אַ קעלביל. פון אַ נאָהענטער שטאַל הערט מען אַ טופּען פון פֿערד, נאָר פון ווייטען הערט מען אַ גערייש פון רעדער, אַ האַווקען פון אַ הונד—, און באַלד ווערט ווידער שטיל. די פֿולע, קיילעכדיגע לבנה האָט אַלעס בעגאָסען מיט איהר ווייס זילבערנער שיין און עס ווייזט אויס אַז די גאַנצע נאַטור שטעהט פֿערכשופּט, איז אַ ים פון צוגאָסען זילבער. נאָר עטליכע שטעדענדליך בלישטשען קוים אויפ׳ן בלייך בלויען הימעל. אויף איינעגע ערטער זענען געלעגען אויסגעצויגען לענגליכע פּאַסען מילך־ווייסע וואָלקענס ניט ריהרענדיג זיך פון דעם אָרט, גלייך ווי זיי וואָלטען געדרימעלט אין דער זיסער ריינער בלויער לופט. שטיל, נישט ריהרענדיג מיט איין

צוויייגיל, מיט איין בלעטיל, איז נעשטאַנען דער דעמבענער וואַלד אין גאַנצען איינגעוויקעלט אין פּראַכט ווייסען מאַנטעל פון דער לבנה־שיין. ווי רווישט ער תמיד און קרעכצט, יאָמערט און וויינט אַז דער ווינד בלאָזט אָדער אַז עס רעגענט און דונערט און די בליצען שניידען דורך די שוואַרצע, הימעלדעק, ווי רייסט ער דענסטמאָל איין די וועלט. און ווי שטיל ווי אַ קינד וואָס ער דרימעלט שטעהט ער איצט אין דעם געטליכען זומער־אָווענד. שטיל אָהן גערוויש שוועבען איבער די שפּיצען פון די בוימער גרויסע פויגעל. זיי האָבען זיך פערשפּעטיגט און איילען זיך איצט אַהיים און היטען זיך ניט אויפצווועקען דעם דרימעלדיגען וואַלד מיט זייער פליהען. נאָך שטילער איז געוועזען אינווענינג אין וואַלד. שטיל און פערצויבערט שען איז דאָ אַלעס געוועזען, עס האָט אויסגעוויזען אַ פּראַכטיגער הייליגער טעמפּעל, וואו מלאכים נעהמען זיך צונויף לויבען גאָט. דאָרט אויף די פעלדער ליגען לאַנגע שאָטענס פון די הימלען און פון די בערג, זיי ליגען ווי פערטיעפט אין געדאַנקען. עס זעהט אויס, אַז זיי פיהלען די שענקייט פון דער נאַטור און דעריבער ליגען זיי אַזוי שטיל שווייגענד. שען איז געוועזען אין דער נאַטור דעם דאָזיגען אויף דער נאַכט. ס'האָט זיך געדאַכט אַז אויף דער גאַנצער וועלט איז פּלוצלינג געוואָרען שלום, אַז אַלע מענשען, אַלע בעשעפענישען פיהלען נור גליק און פרייד, אַז, זעהענדיג די געטליכע שענקייט פון דער גאַנצער נאַטור, זענען זיי אַלע בעסער געוואָרען, פערוואַרפען זייער שלעכטיגקייט, זייער שנאה און קנאה איינער צום אַנדערען, זייערע נידריגע תאוות, זייער פאַלשקייט אַלע זייערע שלעכטע נענג, און ס'איז מעהר ניט דאָ אויף דער גאַנצער ערד קיין בעליידיגטע, קיין בערויבטע, קיין אומגליקליכע.

די פאַמיליע פון אונזערע שטאָרכען איז אויך געזעסען ווי בעצויבערט פון דער דאָזיגער שענקייט פון דעם זומער־אָווענד און האָט זיך אין גאַנצען בערוהיגט. זיי זענען אַלע געזעסען ביים עק נעסט און האָבען געפיהלט אַזאַ זיסקייט פון דעם שטילקייט און רוהיגקייט אַרום און אַרום, אַז זיי האָבען פערגעסען אַלע פריהערדיגע צרות, אַלע בזיונות. זיי האָבען שוין געקלערט אַז מע דאַרף שוין גאָר אפשר ניט אַוועקפליהען פון דאַנען, מ'קען דאָ אויך גליקליך אָבלעבען די יאָהרען. אַזוי האָט געדויערט אַקעגען אַ שעה אַנדערהאַלבען.— פּלוצלינג איז אין גאַס אונטען געוואָרען אַ גרויס גערידער. אַלע ווייסע־חברה'ניקעס זענען מיט געשרייען אַרויס פון די שטיבער. ס'איז געוועזען דעם טאָג אַ גרויסער יום־טוב ביי די דייטשען, האָט מען זיי דערפאַר נאָך געלאָזט אַביסיל אַרומלויפען נאָך דעם עסען איידער זיי וועלען געהען שלאָפען. עס זענען געוועזען אויך אַזעלכע אָרימע, וואָס האָבען גאָר קיין וועטשערע ניט געהאַט און די עלטערן האָבען זיי געלאָזט לויפען שלינג און שלאַנג זיי זאָלען נור ניט בעטען עסען. ווי אַזוי עס איז שוין דאָרט געוועזען, לעת־עתה איז געוואָרען אויס שטילקייט. די גאַס האָט געזשומעט און גערוישט, עס האָט זיך אויפגעהויבען אַ געשריי אַ לאַרם, אַ קוויטשען, אַ זינגען. יאָהאַן, וואָס איז, פערשטעהט זיך, געוועזען אין מיטען קאָן, האָט גראָד דערזעהען דעם אַלטען שטאָרך שטעהענדיג אויף דעם שפּיץ דאַך נעבען נעסט. די איבריגע האָבען זיך באַלד בעהאַלטען אינווענינג אין איין שרעק און ציטערניש, באַלד אַז זיי האָבען נור דערהערט דאָס גערויש.

— חברה! האָט יאָהאַן נעגעבען אַ געשריי, לאָמיר נעהמען פולע זשמענים מיט שטיינער און זיך לאָזען אויף די שטאָרכען!

פערשטעהט זיך מע האָט איהם באַלד געפאָלגט. ס'האָט זיך אויפגעהויבען אַ ווילד פייפעניש מיט ווילדע שרעקליכע קולות און אַ האָגעל פון שטיינער האָט אָנגעהויבען פאַלען אין נעסט אַריין. די מוטער האָט געחאַפּט די קינדערליך און זיי בעהאַלטען אונטער די פליגלען. גאָר דער עלטערער פון די יונגע שטאָרכען האָט געוואָלט זעהען, וואָס עס קומט פאָר און האָט זיך שטילערהייט אַרויסגערוקט. פּלוצלינג האָט איהם געטראָפען אַ שטאַרקער און שאַרפער שטיין גלייך אין קאָפּ און ער איז אַנידערגעפאַלען טוידט.

ווער איז אין שטאַנד צו בעשרייבען, וואָס פאַר אַ פינסטערע ביטערע נאַכט האָבען פערבראַכט די שטאָרכען. פאַר די אויגען ליגט איינער פון זיי, און נאָך דער געליעבסטער און דער טייערסטער, טוידט אין אַ טייך בלוט, און דערביי זענען זיי אין טוידט־שרעק פון דעם שרעקליכען געדאַנק, אַז אָט אָט קען טרעפען נאָך איינעם, אַלע איבריגע.

נאָר אויף דעם אַנדערען טאָג האָבען זיי זיך אַביסיל בערוהיגט. גרויס איז געוועזען זייער אומגליק. אָבער אומזיסט וואָלט געוועזען וויינען און קלאָגען. זיי האָבען זיך ניט מיאש געוועזען. ניט אַוועקוואָרפען אַלעס. פערקעהרט, דאָס אומגליק האָט זיי געשטאַרקט, ווייל עס האָט זיי געוויזען ווי פאַלש און נאַריש זענען געוועזען זייערע האָפנונגען אַז עס וועט ווערען שלום אויף דער גאַנצער וועלט, און די דייטשע נאַסעניונגליך וועלען זיי מעהר ניט טשעפּען. און מיט נייער קראַפט און מיט נייעס מוטה האָבען זיי זיך גענומען גרייטען צום אַוועקפליהען.

גאָר מיט נייעם גרויסען חשק האָבען זיך גענומען צו דער אַרבייט אויך די יונגע שטאָרכען. אַלע טאָג האָבען זיי זיך געלערענט עטליכע שעה גאָר נישט מיעד צו ווערען, און באַלד האָבען זיי אָנגעהויבען פליהען אַזוי הויך, אַזוי שען און אַזוי גרינג, אַז עס איז געוועזען אַ תענוג אויף זיי צו קוקען.

אַזוי איז אַוועקגעגאַנגען דער זומער און ס'האָבען זיך שוין אָנגעהויבען די קיהלע טעג. עס איז געוועזען באַלד נאָך ימים־טובים.

(ענדע קומט).

בן־עמי.

---

## „אָ ז י״.

גרויסערהייט האָט מען איהם גערופען יוסעלע, נאָר קינדווייז פלעגט מען איהם רופען „אָזי״. דעם נאָמען האָט איהם די באָבע געגעבען — זיין פאָטער, אַלטער הורוויץ איז נאָך דעמאָלט געזעסען אויף קעסט ביי זיינע עלטערן — דער באָבען איז ניט געפעלען גלאַט „יוסעלע: אַזוי רופט מען דאָך אַלע יוסעלעך!״ איהר אַלטער'ס יוסעלע דאַרף אַנדערש הייסען, האָט זי איהם אָנגעהויבען רופען „אָזי״. דער נאָמען איז יעדען געפעלען געוואָרען אין הויז, האָט איהם שוין איטליכער אַזוי גערופען.

אַ ציטריג קינד איז „אָזי״ געוועזן, האָטש ער איז ניט איינער פון צעה'ן געבליבען; נאָר דאָך איז ער דערווייל אַ בֵּן יָחִיד געוועזן, און נאָך אַזאַ בן יחיד: איינער ביים פאָטער, איינער ביי דער מוטער, איינער ביים זיידען מיט דער באָבע'ן, איינער ביי דער מוהמע־רבקה, אַלטער'ס יונגערער שוועסטער — נאָך אַ מיידיל, און איינער — ביי דער מוהמע אַלטע מיט'ן פעטער מאיר — אַלטער'ס עלטערער שוואָגער און שוועסטער

וועלכע זענען אויך נאך געזעסען אויף קעסט, און האבען קיין קינדער ניט געהאט.

א קיילכדיגער בן יחיד און דערצו נאך א בן יחיד ביי א פאטער — א בן יחיד. און וואס ערגער פון אלץ א בן יחיד א בכור. דאס פלעגט די באבע'ן ניט לאזען רוהען: א בן יחיד, א בכור — פלעגט זי אבזיפצען; דארף מען שטארק היטען! זאל נור גאט ברוך הוא זיין רעכטע האנד אויף איהם האלטען?

פאר'ן שלאף פלעגט אזי מוזען ארומגעהען זיבען הויזגלידער, יעדען א קוש טהון אין דער האנד און יעדען זאגען א „גוטע נאכט".

און אז אזי האט זיך ארייגגעלעגט אין זיין בעטיל, פלעגט יעדער פון די הויזגלידער צוגעהען און געפונען חסרונות אין זיין געלעגער, יעדער פלעגט מוזען פעררריכטען דעם צוקאפענס, אויסגלייכען די קאלדרע, און אנזאגען איהם א „גוטע נאכט". די באבע פלעגט בלייבען צום לעצט און אונטערלייגען א ספר צוקאפענס: ס'א סגולה פאר „ניט קיין ריינע זאכען!"

און אזי האט שוין געוואוסט וואס הייסט „ניט קיין ריינע זאכען": „שדים, רוחות, לצים".. ער האט זיי נאך קיינמאל ניט געזעהען, נאר די דינסט האט דערצעהלט וועגען זיי, אפילו אויסגעמאלט, א וואס פאר א משונה'דיגע צורה זיי האבען, וואס פאר שרעקליכע חכמיות זיי טהון'ס אב איבער דער נאכט! און נור צו קינדער האבען זיי מעהר שליטה!"

אהן די דינסט פלעגט „אזי" קיין שפאן ניט טהון. דאס איז נעווען א דינסט — ניט צו דער קיך, נור פון „אזי"'ס וועגען אליין, דאס איז א מין באננא געווען. —

אזי האט פון דער שטאדט מעהר ניט געוואוסט, ווי זיין היים מיט דער אנדערער באבעס הויז, ס'הייסט דער מוטערס עלטער'ן, וועלכע האבען אויך אין דער שטאדט געוואהנט, און וואוהין די דינסט פלעגט איהם אמאל פיהרען: אויסער די צוויי הייזער און אמאל אין קלויז מיט'ן פאטער — איז אזי אין זיינע קינדער־יאהרען ניט געווען, ווייל די באבע איז א גרויסער מקפיד געווען דערויף.

„זאל איך געהען שפאצירען אביסיל מיט'ן קינד אויפ'ן פעלד?" פרעגט אמאל די דינסט.

„אויפ'ן פעלד?! חלילה! איהר קאנט נאך בעגעגענען עפים א שכור'ן גוי! דאס קינד וועט זיך דערשרעקען!"

„זאל איך מיט איהם געהען אויף דער גאס אביסיל?"

— „אויף דער גאס?! אט—זשע וועט מען אייך חלילה, שונאי־ציון, איבערפאהרען!"

— „נו וויל איך מיט איהם געהן צום טייך! ס'איז דארט אזוי פרעהליך!... אויפ'ן גרינעם גראז... מע שפאצירט דארט... ניטא דארט קיין פוהרליך!"

„אט—זשע וועט ער זיך, שונאי ישראל, צוקיהלען! פונ'ם טייך ציהט תמיד א קיהלע לופט!"

„געה זיך מיט איהם דורך צו דער קלויז, צום זיידען!" פלעגט אמאל די מוטער ערלויבען.

„האסטו דיר צו דער קלויז! פלעגט דעמאלס אבוועגדען די מוהמע־רבקה, וועלכע האט תמיד חשק געהאט אבצווועגדען די שווע־גערין, און איהר געבען אנצוהערען אז אפילו אויף איהר קינד האט זי „דא" א קליינע דעה — אט זשע וועט ער נאך האפען דארט א „גוט אויג", זיין אין דער היים! געה ניט אין ערגיץ!"

אזוי האט אזי פערבראכט זיין קינדהייט אין דער היים; און אז ער פלעגט שוין אמאל יא גערן מיט דער דינסט צו יענער באבע'ן, פלעגט ער אויך ווייניג פון דער גאס וויסען: זומער פלעגט מען איהם ניט לאזען געהען. די היטץ זאל איהם ניט ברענען; ווינטער איז דאך שטארק קאלט; ער פלעגט נור דערום געהען ווען ס'איז געווען קיהל, אבער מען פלעגט איהם אזוי פערוויקלען, אז ער פלעגט די וועלט נישט זעהן. פלעגט איהם די מוטער געוועהנליך דאס העלדזיל פערוויקלען, פלעגט דער מוהמע־רבקה ניט געפעלען דאס „פערוויקלעניש": „ס'א מאמע, מ'שטיינם געזאגט!" — פלעגט זי צוברומען און פערוויקלען פון אויבען מיט נאך א שאליכיל; די באבע האט איבערגעטראכט: „חאטש ס'איז אפילו ניט קאלט, נאר צוקיהלען קאן מען זיך טאקי נור דעמאלס, ווען ס'איז ניט קאלט" — פלעגט זי איהם איבער די אויערען אזוי פער־וויקלען, אז „אזי" האט קוים דעם וועג פאר זיך געזעהען.

נאר תאטש, וואס אזי איז אין ערגיץ ניט געווען, האט ער פארט געוואוסט פון דער גרויסער וועלט; ער האט געוואוסט פון „הודו מיט כוש" וואו אסתר איז א מלכה; פון „שושן הבירה", וואו המן'ס צעהן זיהן הייגנען; פון „באר־שבע" מיט „מצרים", וואו אויפ'ן וועג דרעהען זיך ארום „מדינים" מיט „ישמעאלים" און קויפען אויף פערבלאנדזעטע קינדער, און נאך און נאך; ווייל אזי איז אנדערש ניט אנשלאפען גע־ווארען, ביז מ'האט איהם ניט דערצעהלט עפים א מעשה, און די דאזיגע ארבייט פלעגט די באבע נעהמען אויף זיך, ווייל זי האט געדענקט גענוג מעשיות פונ'ם מנורת המאור מיט'ן צאינה וראינה. —

„אזי" האט שוין אפילו געוואוסט פונים אשמדי מיט לילית'ן; ניט איינמאל פלעגט ער זיך אויפהאפען ביי נאכט פונ'ם שלאף מיט איין געוואלד: „לילות ווערגט מיך!" און דעמאלט פלעגט ער אריבערגעהען צו דער באבע'ן שלאפען, זי האט שוין געקאנט אזא שפרוך נאך וועל־כען אזי איז שוין איבערגעלעגען די גאנצע נאכט, חאטש מיט די אויגען אפען, נאר רוהיג.

קלוג איז אזי געווען — א זעלטענע זאך; געהאט א פיסקיל אויף שרייפליך;. אבגעענפערט יענעם, ווי איין אלטער; ער האט, איבריגענס, נעהאט דערויף גענוג לעהרערס:

— „דערלאנג מיר, „אזיניו", א גלאז וואסער!" בעט איהם אמאל די מוטער.

— „זאג איהר — אליין קאנסטו דיר ניט נעהמען?" לערנט איהם די מוהמע־רבקה.

— „אליין קאנסטו ניט נעהמען?" זאגט ער נאך ווארט ביי ווארט.

— „זאג איהר: דערלאנג מיר דאס גלאז, וועל איך דיר'ם געבען!" טהוט אויף דער עלטערער שוואגער.

— „זאג איהר — ביסט א גרויסע מאמע, לערנט איהם די באבע מעגסט דיר אליין נעהמען.

— און איך, זאג, בין א פיצעלע, ברעקעלע יונגעלע!" איז דער זיידע מוסיף.

און אזי זאגט נאך ווארט ביי ווארט, און האט א גוטען זכרון געדענקט דאס אנדערע מאל אליין אבצוענטפערן; ער זאגט ווערטליך און שטעכווערטליך, נור ווי איין אלטער! די שכנים גאפען: ס'איז איין אויסוואורף פון א קינד!" זאגען זיי און שפייען איהם אן. —

צום דרדקי מלמד איז אזי ניט אנגעקומען: צו פינף יאהר האט ער אנגעהויבען געהען אין חדר, און איז גלייך אריין צו שמואל חיים דעם „מילכיגען", וואו מ'האט שוין געלערנט חומש מיט רש"י. אלף בית און

עבְרי האט ער זיך אזוי, פון זיך אין דער היים אויסגעלערנט; אזוי—אויף א געלעכטער האט איהם דער פעטער־מאיר געוויזען אין א סידור ביז מם. דער פאטער איז אהיימגעקומען פון דער גאס, האט מען איהם דער־צעהלט די גדולה: אזי קאן שוין דעם אלף־בית פון אלף ביז מם!

— „משוגעים! בייזערט ער זיך, ס'איז נאך צו פריה! א קינד פון דריי יאהר!" — און איז טשיקאווע צו זעהען, ווי אזי קאן שוין ביז מם... און ווייזט איהם גלאט אזוי פאר א פריוו די איבריגע אותיות — אזי קאן שוין דעם גאנצען אלף בית.

אין עטליכע טעג ארום, איז דער זיידע געוואהר געווארען און האט זיך שטארק געבייזערט: „וואס איז דאס פאר אין איינפאל, אזא נפש שוין נעהמען צום לערנען?!"

דאך וויל ער זעהען דעם חידוש: „אזי קנאקט אלף בית, ניט גע־טראכט!" ווייזט ער איהם פאר בעלנות די נקודות — „אזי קאן שוין די נקודות אויך!"

דאס איבריגע האט שוין יעדער פון די הויזגלידער איהם געוויזען בגנבה. דאס עברי איז איהם אביסיל שווערליך אנגעקומען: ער האט ניט געקאנט פערשטעהען: „חולם סמך" איז גאר ניט — „חולם" ניט — „סמך" נאר גאר — „סוי" „מלאפום זין" איז גאר „זו", נאר מ'האט איהם געהייסען נאכזאגען, האט ער נאכגעזאגט, זיך איינגע'חזר'ט און געקאנט.

אז דער זיידע איז געוואהר געווארען, [אז אזי זאגט שוין אב א בלעטיל תרגום, און אין גאנץ „אין קוציך" האט ער סך הכל איין גרייז געזאגט — האט ער איהם אריינגעגעבען צו שמואל חיים דעם מיליכיגען. נאר אויסגענומען מיט איהם, פערשטעהט זיך, מע זאל איהם ניט מאטערן: „נענוג פאר איהם, זאגט ער, צוויי — דריי פרשות חומש מיט אפאר פסוקים רש"י פאר די גאנצע וואך".

„און, געוועהנליך, וואס מעהר אזיניו וועט קאנען, זאגט די באבע, וועט איהר אלי'ך א גרעסערע מתנה בעקומען פון מיר".

אזי איז געווען זעהר א גוט קינד. ער האט געוואוסט — מ'האט איהם ליעב, אין האט געוואלט, מע זאל איהם ליעב האבען; דער רבי האט געהייסען צוהערען, האט ער צוגעהערט. אזי האט תמיד געקאנט. „א וואול יונגיל, אזי!" טהוט דער רבי איהם א גלעט איבער'ן בעקיל. דער רבי זאגט: „מע טאר זיך ניט שפילען אין קוגעל — מע קאן טרעפען ערגיץ אין א פענסטער אריין; מע טאר ניט לויפען; מע קאן פאלען; מע טאר ניט שפרינגען — ס'קאן וועה טהון אין די דיעכען!"

און אזי האט געפאלגט: געזעסען פון ווייטען און נור צוגעזעהען, ווי די איבריגע קינדער שפיעלען זיך און געווארט, ווי אט—אט וועט איינער טרעפען אין פענסטער, פאלען און האפען זיך פאר די דיעכען.

„שטיל ווי א טויב, קאן זיך די רבי'צען גאר ניט אבלויבען פון איהם: „מע ווייסט גאר ניט, אויב ס'איז דא א קינד אין שטוב... גבירים האבען צו קינדער אויך מזל!"

אזי האט אמאל, ליגענדיג אויפ'ן שלאפבעטיל, און טראכטענדיג פון לילית'ן מיט אשמדי'ן, געהערט די באבע'ן זאגען: „ס'זאל מיר זיין פאר זיין קאפ! ס'א קינד — נור א רוחני! עסט ווי א פיינעלע!"

ער האט זיך אנגעשטויסען, אז א „רוחני" דארף א פנים ווי וועניג עסען; און אז מ'איז א „רוחני", האט מען נאך מעהר ליעב.

ער האט פון דעמאלס אן אנגעהויבען איבערלאזען פון די איבער־בייסענס, פונ'ם גלאז מילך, אוועקלעגען דאס לעפיל אין מיטען עסען. דער זיידע בייזערט זיך כלומר'שט, נאר נישט קשה, ער האט איהם נאך מעהר ליעב דערפאר. ער האט געגעסען טאקי ניט מעהר ווי א פיינעלע.

אז ער פלעגט געהן אויף דער גאס, פלעגט זיך אויסווייזען — דער ווינד טראגט איהם. ממש — א „רוחני!"

דאך האט דער ווינד אזי'ן ניט געקאנט אוועקבלאזען, ווייל די דינסט פלעגט איהם פיהרען ביי דער האנד אלע אין דער פריה — אין חדר אריין און אלע פאר'ן נאכט — פונ'ם חדר. אליין וואלט זיך אזי'ן ניט געפאסט צו געהען.

אזי לערנט אין חדר בעסער פון אלע קינדער — עלטערע פון איהם. וואס מע זאגט איהם — גלייך מ'האט'ס איהם אין קאפ אריינגע־לעגט און פערזיגעלט — דערצעהלט דער מיליכיגער מלמד.

נאר אין דערהיים זיצט ער אויך ניט ליידיג. דער פעטער מאיר האט יונגילווייז גע'שס'ט פאר א בעל חשבון; געקאנט דעם גאנצען „מבחר החשבון" אויסענווענינ; האט ער זיך גענומען אויף טשעקאוויסט אויסלערנען דעם „קליינעם" א ביסיל רעכענען. ס'איז איהם ניט שווער אנגעקומען. איינמאל האט ער איהם נור געזאגט: „שטעל אונטער די ציפער אונטער דער צווייטע, די דריטע אונטער זייביידע! זאג: דריי־פלוס־פינף־פלוס־זיבען איז פופצעהן", זאלסטו שטעלען פינף און איינס צורעכענען צו די אנדערע ציפערן.

אזי קאן שוין חבור... ער קאן שוין חסור אויך... ער קאן שוין אפילו כפל מיט חלוק. ער פלעגט זיך נור אמאל טועה זיין מיט די נע־מען ווייל דער פעטער האט איהם די נעמען אנגערופען אי אויף יודיש אי אויף לאטיין, פונקט ווי אין „מבחר החשבון"; נאר ביסליכווייז האט ער דאס אויך נאכגעזאגט אהן א טעות. —

אזי וואקסט א רעכענמייסטער! דער פעטער מאיר איז מודה, אז ער וועט איהם נאך איבעריאגען. און, ווי א רעכענמייסטער, ווייס ער תמיד גרויסע רעכענונגען גיכער ווי קליינע.....

ער בערעכענט שוין וויפיעל קלאפטער די ערד האלט ארום און ארום אויפ'ן „קו־המשוה", חאטש וואס ער ווייס אזוי וועניג פון דער ערד, וואס ער קאן זי איבערמעסטען.....

(פארטזעצונג קומט). יהודה שטיינבערג.



Verlag „Achiasaf“. Verantwortlicher Red. M. Berkowicz — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer Krakau

